## דאַנק־אויסדרוק

אַ יישר־כוח און אַ האַרציקן דאַנק מיינע ליבע פריינד און קאָלעגן — **ד"ר מנחם גלען און א. ל. בערקאָוויטש** פאַר זייער חברישער קאָאָפּעראַציע און פאַר זייערע אַריינפיר־אָפּשאַצונגען.
אַ דאַנק אויך מיינע ליבע קאָלעגן און פריינד **ז. בונין און פינטשע בערמאַן** פאַרן פאַרבינדן מיך מיטן פאַרלאַג „המנורה" אין ישראל.

**JOSHUA RIVIN**

**RAINBOW OF VERSE**

**יהושע ריווין / רעגנבויגן פון געזאַנג**

**פאַרלאַג „המנורה״, תל־אביב, רח׳ זנגביל 24**
"Hamenora" Publishing House, 24, Zangwill St. Tel-Aviv, Israel


J. Rivin, 1071 Pleasant Valley Rd.,
Cleveland, Ohio 44134, U.S.A.
3684 STRATHAVON
SHAKER HIGHTS, OHIO.

Printed in Israel 1972 — **נדפס בישראל תשל״ב**

**דפוס „אורלי״, ת״א**

# קורצע אויטאָביאָגראַפיע

צו מײַן 85סטן געבוירן־טאָג

געבוירן בין איך אויף דעמיעווקע — אַ פאָרשטאָט פון קיִעוו — דעם 5טן אָקטאָבער 1884.

דעמיעווקע איז געווען בלויז אַ האַלבע שעה רייזע מיטן טראַמוויי פון קרעשטשאַטיק, דעם צענטער פון שטאָט. איינער וואָס איז געבוירן געוואָרן אויף דעמיעווקע, איז געווען פאַררעכנט גלייך, ווי ער וואָלט געבוירן געוואָרן אויף קרעשטשאַטיק, אָדער אין אַן אַנדערער טייל פון שטאָט.

ביז צו 14 יאָר האָב איך געלערנט ביי אַ גוטן מלמד, ביי ר׳ אהרן אָווסעיאָוויטש, וועמען מ׳האָט אַפילו ניט גערופן ביי אונדז מיטן געוויינלעכן נאָמען: „מלמד״, נאָר: העברעיִשער לערער.

ער איז געווען פאַררעכנט פאַרן בעסטן העברעיִשן לערער ביי אונדז אין געגנט, און ס׳איז געווען אַ זכיה צו זיין איינער פון אהרן אָווסיעאָוויטשעס תלמידים.

צי ער האָט מיך אויסגעלערנט גענוג העברעיִש, פאַר דער צייט וואָס איך האָב ביי אים געלערנט — איז אַן אַנדער פראַגע, — אָבער כ׳האָב מיט זיין הילף באַקומען אַ גוטע ידיעה אין אונדזער הייליקער שפראַך — די שפראַך

פון די נביאים. שפּעטער האָב איך זיך גענומען צו אַלגעמיינע לימודים, ווי אַריטמעטיק, אַלגעברע, געאָמעטריע, רוסישע און מיטל-אַלטערלעכע געשיכטע, און דער עיקר: צו דער־לערנען גרינטלעך די רוסישע שפּראַך און די רוסישע ליטע־ראַטור.

דער ערשטער לערער מיינער פאַר רוסישע און אַלגע־מיינע לימודים, איז טאַקע געווען דער זון פון מיין העברעיִ־שן לערער אהרן אָווסיעאָוויטש, כאַטשע אָווסיעאָוויטש, וועלכער איז שפּעטער געוואָרן, שוין ביי די באָלשעוויקעס, אַ גוט באַקאַנטער און אָנגעזעענער דאָקטאָר אין קיִעוו.

מיין צווייטער לערער, אַ רוסיפיצירטער ייִד, האָט געהייסן גאַניזאַ און איז געווען פאַררעכנט פאַר איינעם פון די בעסטע אינסטרוקטאָרן און רוסישע לערערס אין אונ־דזער געגנט.

פון וואַנען מיין טאַטע האָט געהאַט צו באַצאָלן מיין העברעיִשן און מיינע רוסישע לערער, ווען זיין חיונה פאַר אַ הויז־געזינד פון זיבן נפשות האָט ער געצויגן פון אַ טישל אויפן מאַרק מיט שניט-סחורה, — איז פאַר מיר אַ חידוש ביזן היינטיקן טאָג. אָבער, ווייזט אויס, אַז אויף צו לערנען אַ קינד, האָבן זיך אונדזערע אָרעמע טאַטעס געשניטן די פינגער און געצאָלט דעם מלמד, אָדער לערער, וויפל זיי האָבן נאָר געקאָנט.

אַליין האָב איך נאָך אין יענער צייט גאָרניט פאַרדינט, און פאַר אַ בעל־הבתּיש קינד צו טאָן עפּעס אַ מלאכה איז געווען כמעט, ווי אומבאַגרייפלעך. ווען איך בין אַלט געוואָרן 17—18 יאָר, איז — דורך דער שתּדלנות אָדער איני־ציאַטיוו פון מיין טאַטנס אַ גוטן־פריינד, ליבערמאַן, אַן

אָנגעזעענער העברעיִשער לערער אין די נגידישע הייזער — מיין נייער לערער געוואָרן וואָלאָדיע מאַרשאַק, אַ סטודענט פונעם קיִעווער אוניווערסיטעט, דער זון פונעם רייכן יוּווע־ליר־פאַבריקאַנט יוסף מאַרשאַק, וועלכער האָט געהאַט דעם שענסטן און רייכסטן יוּוועליר־מאַגאַזין אויף קרעשטשאַ־טיק.

כ׳מוז דאָ באַטאָנען, אַז אין רוסלאַנד האָט אין יענע צייטן עקזיסטירט אַ מנהג, אָדער טראַדיציע אין רייכע יידישע הייזער, אַרויסצוהעלפן יידישע קינדער פון אָרעמע עלטערן, וועלכע האָבן געהאַט חשק צום לערנען, געבן זיי פרייען אונטעריכט און אויך אַרויסהעלפן מיט קליידונג און שפייז.

אַזוי בין איך געוואָרן אַ תּלמיד פון וואָלאָדיע מאַר־שאַק, כ׳פלעג אַריינקומען אין דער רייכער היים פון די מאַרשאַקס, וואָס האָט זיך געפונען אין צענטער פון שטאָט, אויף קרעשטשאַטיק, איבער זייער יוּוועליר־געשעפט — צוויי אָדער דריי מאָל אַ וואָך. די דינסט פלעגט מיר יעדעס מאָל צוברענגען אַ גלאָז טיי מיט וואַרעניעס, פאַרן זעצן זיך לערנען; דערנאָך פלעגט דער גוטער נשמהדיקער וואָ־לאָדיע נעמען קנעלן מיט מיר רוסישע געשיכטע, כללים אין גראַמאַטיקע און סינטאַקס, מאַטעמאַטיק, לאַטיין און אויך גריכיש.

זומער, ווען די מאַרשאַקס פלעגן אַרויספאָרן אויף וואַקאַציע אין באָיערקע, ניט ווייט פון קיִעוו וווּ זיי האָבן געהאַט אַן אייגענע פראַכטפולע זומער־דאַטשע, בין איך געוואָרן אַ טייל פון זייער הויזגעזינד. איך האָב מיט זיי געגעסן צוזאַמען, געשפּילט קראָקעט, געגאַנגען מיט זיי

אין וואַלד אויף לאַנגע שפּאַצירן, געשיפּלט זיך אויף שיפֿלעך, געגעכטיקט ביי זיי, און צו דער זעלביקער צייט — ניט פֿאַרנאַכלעסיקט דאָס לערנען.

וואַלאַדיעס צוויי שוועסטערס, איינע אַ ברונעטע און איינע אַ רויטהאָריקע, ביידע אוניווערסיטעט־סטודענטקעס, האָבן אויך מיר אַרויסגעהאָלפֿן מיטן לערנען און אויך אַרויסגעוויזן צו מיר אַ סך איבערגעגעבנקייט און פֿריינדשאַפֿט.

איין עפּיזאָד פֿון מיין לעבן קאָן איך ניט פֿאַרגעסן. דאָס איז געווען ווען וואַלאַדיע האָט געדאַרפֿט אָפּפֿאָרן אויף עטלעכע וואָכן אין אַ צווייטער שטאָט, און ער האָט מיך איבערגעגעבן צו לערנען, צייטווייליק, צו זיינעם אַ גוטן פֿריינד — אויך אַן אוניווערסיטעטס־סטודענט — אַ שאָד וואָס איך האָב פֿאַרגעסן זיין נאָמען — וועלכער איז געווען זייער אַ גוטער, אָבער שטרענגער לערער.

זייענדיק, ווייזט אויס, אַ גרויסער קענער און מומחה אין דער גריכישער שפּראַך, האָט ער די גאַנצע צייט זיינע אָפּגעגעבן צו לערנען גריכיש מיט מיר.

די שפּראַך איז אָבער געווען אַ שווערע, ס'איז ניט געווען לייכט זי איינצובייסן, און ביז היינטיקן טאָג איז מיר די גריכישע שפּראַך אַ פּרעמדע, בעת לאַטיין געדענק איך גוט, און איך האָב זי שטענדיק ליב געהאַט.

שפּעטער צו, נאָענט צו מיינע 20, ווען ס'האָט זיך אָנגעהויבן דערנענטערן די צייט פֿון „פּריזיוו", פֿון גיין דינען דעם קייסער, אָדער, ווי אונדזערע פֿלעגן עס אָנרופֿן: „גיין דינען "פֿאָניען" — האָב איך אָנגעהויבן צו טראַכטן וועגן אַ מיטל צו קאָנען אָפּשטופּן אַ ביסל די צייט פֿון שטעלן

זיך צום „פריזיוו", און צוליב דעם צוועק, בין איך אַריינגעטראָטן אין 5טן קלאַס פון אַ פּריוואַטער רעאַל־שולע (טשאַסטנאָיע רעאַלנאָיע אוטשילישטשע), וואָס האָט געגעבן דאָס רעכט און די פּריווילעגיעס ניט צו דאַרפן אַריינטרעטן אין מיליטער, ביז דער צייט פון ענדיקן די שולע.

דאָ האָב איך ווידער געלערנט רוסישע לימודים, ווי היסטאָריע, געאָגראַפיע, מאַטעמאַטיק מיטן צוגאָב פון כעמיע און פיזיק, וועלכע, איך בין מודה, איך האָב ניט איבעריק ליב געהאַט.

אויך האָב איך דאָרט געלערנט נייע שפּראַכן, ווי פראַנצויזיש און דייטש, אָבער מיין הויפּט־אינטערעס האָב איך אָפּגעגעבן רוסישער ליטעראַטור.

נאָכן ענדיקן די שולע האָב איך, בלית ברירה, געמוזט אַריינטרעטן אין מיליטער, אָבער צוליב דעם, וואָס איך האָב געענדיקט אַ רעאַל־שולע, איז מיר געגעבן געוואָרן די פּריווילעגיע צו דינען מיט צוויי יאָר ווייניקער, ווי די אָנגעצייכנטע צייט פון מיליטער־דינסט, אַחוץ דער פּריווילעגיע פון אַריינטרעטן אין דער אַרמיי ניט ווי אַ געוויינטלעכער סאָלדאַט, דורך שטעלן זיך צום „פּריזיוו" נאָר פרייוויליק, אָדער, ווי ס'האָט געהייסן אין רוסיש: וואָלנאָאָפּרעדעליאַיושטשיסיאַ", וועלכער האָט אויך געהאַט אַ רעכט אַליין אויסצוקלייַבן די שטאָט, וווּ ער האָט געוואָלט דינען, אַלס וואָלאָנטער, מיט אַלע אַנדערע פּריווילעגיעס, וואָס געוויינטלעכע סאָלדאַטן האָבן עס ניט געהאַט.

פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב אויסגעקליבן, אַלס פרייוויליקער, די שטאָט וווּ איך בין געבוירן געוואָרן, די

שטאָט קיִעוו, און נאָכן אָפּדינען אַ קורצע צייט, בלויז עטלעכע חדשים, און ניט קאָנענדיק זיך צוגעוווינען צו דער שווערער מיליטערישער דיסציפּלין, אַפילו מיט אַלע מיינע באַזונדערע, ספּעציעלע פּריווילעגיעס, ווי ס׳האָבן אָפּיצירן אין דער אַרמיי — האָב איך באַשלאָסן צו פאַר־לאָזן דאָס לאַנד, ווו איך בין געבוירן געוואָרן און אַוועק קיין אַמעריקע.



מיינע ערשטע רוסישע לידער האָב איך אָנגעהויבן שרייבן צו 16—17 יאָר, אונטער דער השפּעה פון דער קלאַ־סישער ליטעראַטור: פּושקין, לערמאָנטאָוו, נאַדסאָן, בייראָן, שעלי און היינע (אין רוסישער איבערזעצונג), טאָל־טערס, ווי אַלעקסאַנדער בלאָק, מערעזשקאָווסקי, גיפּיאוס, שפּעטערדיקע מאָדערניסטישע און סימבאָליסטישע דיכ־טערס, ווי אַלעקסאַנדער בלאָק, מערעזשקאָווסקי, גיפּיאוס, וואַלערי ברוסאָוו, ק. באַלמאָנט און אַנדערע. געווירקט אויף מיר האָבן אויך מיינע יידישע יוגנט־חברים, וועלכע האָבן זיך נאָך לאַנג פאַר מיר פאַרנומען מיט רוס׳שער דיכטונג, באַזונדערס איינער פון זיי, שייקע שקאַראָווסקי, אַ פייער־דיקער אַנאַרכיסט און אַ זון פון אַן אָרעמען מלמד.

כ׳געדענק גוט, ווי כ׳פלעג זיך, אין אַ זומערדיקן טאָג, פאַרקלייבן ערגעץ אויף אַ הויך בערגל ביי אונדז אויף דע־מיעווקע און פון דאָרטן אַריבערקוקן אויף דער גאַנצער אַרומיקער געגנט, וואָס האָט זיך אויסגעשפּרייט אונטן, כדי צו שאַפן זיך שטימונג און קאָנען צוזאַמענשטעלן אַ ליד.

אין יענער צייט האָב איך זיך אויך באַקענט צום ערשטן מאָל מיט די גדולי הדור פון דער יידישער ליטעראַטור: אברהם רייזען, שלום אַש, מענדעלע מוכר ספרים, שלום עליכם, ש. פרוג, מאָריס ראָזענפעלד, באָוושאָווער, ליעסין און אַ סך אַנדערע. מיינע ערשטע פּאָר זאַכן אין רוסיש, אַ 17-שורהדיק ליד מיטן נאָמען „טרערן" און דאָס צווייטע, אַ פראַגמענט פּאָעזיע אין פּראָזע: „ליכטלעך" פון 85 שורות, זענען געווען געדרוקט אין אונדזער קיִעווער ליבעראַלער ליטעראַרישער טאָג־צייטונג: קיעווסקיִע וועסטי. מיין „האָנאָראַר" איז געווען 85 קאָפּיקעס פאַרן ליד „טרערן" (5 קאָפּיקעס אַ שורה) און 4 רובל מיט 25 קאָפּיקעס פאַרן פּאָעטישן פראַגמענט „ליכטלעך", וואָס איז געווען געדרוקט אין דער זונטאָגדיקער ליטעראַרישער ביילאַגע פון דער צייטונג.

קיין סך לידער איז מיר ניט באַשערט געוואָרן צו דרוקן אין די רוסישע צייטונגען, בלויז אַ 5 - 6, ווייל מיט עטלעכע חדשים שפּעטער בין איך אַוועק קיין אַמעריקע.

אפשר איז דאָס גאָר געווען מיין גליק, וואָס איך האָב פאַרלאָזט דאָס אומגליקלעכע לאַנד, ווייל ווער ווייסט, וואָס ס׳וואָלט פון מיר דאָרט שפּעטער געוואָרן.

כ׳האָב אין גאַנצן פאַרגעסן צו דערציילן פון פאַוועל טולופּ, דעם זייער סימפּאַטישן, באַגאַבטן רוסישן פּאָעט און מענטשנפריינד, וועלכער האָט מיך, אַן אָרעם יידיש יינגל, מקרב געווען און געעפנט פאַר מיר די טיר אַריינצו־קומען אין די רוסישע רעדאַקציעס און דרוקן דאָרט מיינע לידער.

אָנקומענדיק אין אַמעריקע, האָב איך די ערשטע צייט

געשריבן מיינע לידער בלויז אין רוסיש און זיי געדרוקט אין די ביידע ניו־יאָרקער רוסישע צייטונגען פון יענער צייט: „רוסקאָיע עכאָ" און „רוסקאָיע סלאָוואָ".

זעענדיק אָבער, אַז אַמעריקע איז ניט דאָס לאַנד צו שרייבן רוסיש, האָב איך זיך, ווי אַלע אַנדערע, אומגעקערט צום שורש, און אָנגעהויבן צו שרייבן אויף מאַמע־לשון, די שפּראַך פון מיין טאַטע־מאַמע, באָבע און זיידע.

מיינע ערשטע יידישע לידער זענען געדרוקט געוואָרן אין דער „פרייע אַרבעטער־שטימע" נאָך אין די צייטן פון ש. יאַנאָווסקיס רעדאַקציע, די יאָרן 1909 — 1912 — 1915. און אויך אין שפּעטערדיקע אויסגאַבן. שפּעטער זענען מיינע לידער געווען געדרוקט אין דער „אידישע אַרבעטער וועלט" אין שיקאַגאָ, אין דער „אידישע וועלט" אין קליוולאַנד, נאָך שפּעטער אין „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט", „אויפסניי", „זיין", „חשבון", „אידישער קעמפער", „אילוסטרירטע, ליטעראַרישע בלעטער" אין אַרגענטינע, „דרום־אַפריקע" און „יום טוב בלעטער" אין דרום־אַפריקע, „לשון און לעבן" אין ענגלאַנד, „היימיש" און „אייגנס" אין ישראל.

גאַנצע 20—25 יאָר בין איך געווען אָפּגעריסן פון שרייבן, צוליב סיבות, פון וועלכע ס'איז ניט דאָ דאָס אָרט צו רעדן.

מיט 12 יאָר צוריק, נאָך מיין אומקערן זיך פון אַ רייזע אין ישראל, האָב איך זיך נאָך אַ מאָל גענומען צו דער פען, אַרויסגעגעבן מיין ערשטלינג־ביכל לידער אין 1961 א"נ „מיין טאַטנס ברכה", און איצט, צו 85, איז מיין דורשט צו שרייבן, נאָך שטאַרקער און אימפּולסיווער ווי געווען.

יהושע ריווין

# במקום אַ הקדמה

## יהושע ריווין — אַ פּאָעט פון גלויבן, פשטות און בטחון

נאָך איידער איך האָב געהאַט די זכיה און דאָס פאַרגעניגן צו לייענען יהושע ריווינס לידער צווישן צוויי טאָוולען, פלעג איך שטאַרק הנאה האָבן פון זיינע שאַפונגען, וואָס זענען געווען פאַרעפנטלעכט דאָ און דאָרט.

מיר פלעגט שטאַרק אימפּאָנירן זיין קורץ־געפּאַסטער סטיל, זיינע פון זיך אַליין זינגענדיקע שורות, זיין יכולת אויסצודריקן אַ מועט המחזיק את המרובה — די ברכה פון וויסן דעם סוד־הצמצום. און סוד־הצמצום איז דאָך דער הויפּט־„אינגרידיענט" פון פּאָעזיע. דערביי געהערט יהושע ריווין צו דעם טיפּ פּיאָנערן, וואָס טראָגן זייער צמצום, איז זיי לייכט צו פאַרשטיין.

מיר איז אויסגעקומען צו רעצענזירן יהושע ריווינס בוך לידער אונטערן טיטל : „מיין טאַטנס ברכה", וואָס איז דערשינען אינעם „קענעדער אָדלער" פון 1טן דעצעמבער 1963, און עס ווילט זיך מיר זאָגן : „שמא מילתא" — דער נאָמען איז אַ זאַך, אַ גרויסע זאַך !.. מיט אַט דעם לידער־טיטל פאַראייניקט זיך דער פּאָעט מיט זיין טאַטן, ד. ה. מיט דעם אַלטן, אַוועקגייענדיקן דור, וואָס האָט גערעדט און געחלומט יידיש, זיך אויסגעלעבט אויף יידיש און עס מנחיל געווען צו די יורשים.

ווען ניט דעם טאַטנס מי און ברכה פאַרן המשך הקיום, וואָלט דאָך ניט געווען קיין ירושה פאַר די קינדער. אָרעם איז דער דור, וואָס קריגט ניט קיין ירושה...

און אַט אַזוי זינגט טאַקע דער פּאָעט אינעם ליד : „מיין טאַטנס ברכה" האַרציק און פּשוט :

פאַר די קומענדיקע דורות שפּין איך מיינע לידער,
פאַר די קינדער פון מיין זאָמען;
כ׳וויל זיי לאָזן אַ ירושה:
מיין טאַטנס נאָמען.

פאַר די נייע דורות וועב איך מיינע לידער,
פאַר מיין וועלטלעכער משפּחה,
כ׳וויל זיי לאָזן אַ ירושה:
מיין טאַטנס ברכה.

איצט, ביי זיין 85סטן געבוירן־טאָג, גיט דער פּאָעט אַרויס אַ נייעם בוך לידער מיטן נאָמען: „רעגנבויגן פון געזאַנג" די מייסטנס פון זיי זיינען דערשינען אין פאַרשיידענע אויסגאַבן.

דער מחבר, וועמען איך קען ניט פּנים אל פּנים, האָט מיך שטענדיק אימפּאָנירט מיט זיין ערנסטקייט און יראת הכבוד פאַרן געדרוקטן וואָרט.

איך האַלט, אַז ווען אַ מענטש דערגרייכט דעם עלטער פון אַריבער די גבורות־יאָרן, אין מיטן פון דעם צענדליק יאָר, וואָס די פּרקי־אָבות רופן אָן „ל ש ו ח", — גיין איינגעבויגן, וואָלט איך דעם פּשט געטייטשט ל ש ו ח — צו ריידן...

עס איז באמת גאָטס וווּנדער, אַז ביי דעם עלטער איז אונדזער מחבר נאָך פריש און יונג אין גייסט, צו קענען אַרויסקומען מיט אַזעלכע יצירות.

זיין אויטאָביאָגראַפיע איז אַ שטיק געשיכטע פון אַ יידיש ייִנגל וואָס ווערט אַן אויטאָדידאַקט, דערגרייכט בילדונג און ווערט אַ פּאָעט. פריִער אין דער פרעמדער שפּראַך, — אין רוסיש, — און דערנאָך קומט ער צוריק צו זיין שורש, — צו זיינע יידישע וואָרצלען — אַ שטיק געשיכטע פון יידיש לעבן און דערציונג, אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

וועט דער לייענער איצט האָבן פאַר זיינע אויגן דעם משורר און די געשיכטע פון אַ יידישן אינטעלעקטואַלן אימיגראַנט.

**ד״ר מנחם ג. גלען**

# אַריינפיר־וואָרט

בדחילו ורחימו נעם איך זיך שרייבן די עטלעכע בלעטלעך וועגן אונדזער פיינעם דיכטער, יהושע ריוויןָ, שוין צוליב זיין באַשיידנקייט, און אוודאי צוליב דעם וואָס אונדזער תורה האָט אונדז אָנגעזאָגט: „והדרת פני זקן״ (צוליב זיין טיפע עלטער), און ניט נאָר צוליב דעם פּרינציפּ אַליין, נאָר ווייל יהושע ריווין איז אַ גאָר ווירקזאַמער פּאָעט און אַ קולטור־מענטש, אַ פּערזענלעכ־קייט, וואָס האָט דרך־ארץ פאַר זיינע מיט־מענטשן, פֿאַר זיין חבר און פריינד.

יהושע ריווינס פאָטער, אַ ניט־פאַרמעגלעכער סוחר, איז געגאַנגען אויפן אויסגעטראָטענעם וועג פון דער אַלטער יידישער טראַדיציע, און האָט אָפּגעריסן ממש דעם ביסן פון זיין מויל, און אָפּגעגעבן דעם זון צו דעם בעסטן העברעיִשן מלמד פון יענער געגנט. דאָרט האָט ער געלערנט אַלע יידישע לימודים, וואָס אַ יידיש יינגל האָט געלערנט, אין יענער צייט.

דער מלמד האָט געזען זיינע גרויסע פעיִקייטן און איבער־הויפּט זיין פענאָמענאַלן זכרון, האָט ער אים אויך איבערגעגעבן צו זיין זון, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכנט אין רוסישע לימודים.

אין חדר האָט ער געלערנט ביז 14 יאָר, אָבער די רוסישע לימודים האָט ער ווייטער ממשיך געווען מיט גרויס התמדה.

דער ערשטער לערער האָט צוליב יהושעס אויסצייכענען זיך אים איבערגעגעבן צו אַ צווייטן לערער, צו אַ סטודענט פון דער רוסישער אוניווערזיטעט. מיט דעם סטודענט האָט ער שוין געלערנט אַ פולן פּראָגראַם פון רוסישע לימודים. זיין פלייס און זעלטענער זכרון האָט אים דערפירט צו ספּעציאַליזירן זיך אין דער רוסישער ליטעראַטור.

זייענדיק געבענטשט מיט אַ דיכטערישן טאַלאַנט, האָט ער צו זיין 17טן יאָר אָנגעהויבן שרייבן רוסישע לידער.

זיינע רוסישע לידער זיינען שוין דאַן געווען אויף אַזוי פיל רייף, אַז די רוסישע ליבעראַלע צייטונג: „קיִעווסקיִע וועסטי" האָט געדרוקט יעדן זונטיק זיינע לידער און אים געצאָלט האָנאָראַר. און אַזוי איז ער געוואָרן אַ פּאָעט.

רבי עקיבא האָט געזאָגט: „כל הכתבים קדש הם ושיר השירים — קדש קדשים" — „אַלע אונדזערע שריפטן זיינען הייליק, אָבער שיר השירים איז הייליקער פון אַלע אַנדערע".

נאַטירלעך איז ביי אונדז דער שאַפער פון פּאָעזיע אויף אַ געהויבענער פּאָזיציע, און אוודאי שאַצן מיר אָפּ אַזאַ פיינעם דיכטער, ווי יהושע ריווין, וועלכער איז אַ מייסטער אין צוויי שפּראַכן. זיין רוסישע פּאָעזיע איז נאָך היינט צו טאָג אַזוי פריש און שפּרודלדיק, ווי זי וואָלט געקומען פון מאָסקווע און ניט פון קליוולאַנד.

עס איז ממש צו באַוווּנדערן, אַז נאָך דעם, ווי ער איז אַוועק פון רוסלאַנד שוין 60 יאָר, שרייבט ער זיינע רוסישע לידער מיטן זעלביקן גייסט, ווי ער וואָלט זיך נאָך איצט געפונען אין קיעוו.

צוויי זאַכן זיינען אים זיכער געקומען צו הילף: זיין טיף פאַרצווייגטע רוסישע קולטור, וואָס ער האָט אין זיך אַריינגעזאַפּט, און דער עיקר זיין פענאָמענאַלער זכרון. מען טאָר ניט פאַרגעסן, אַז ריווין איז שוין געוואָרן 85, עד מאה ועשרים.

די רוסישע ווי די יידישע פּאָעזיע פון יהושע ריווין אַנטשפּרעכט זיין פערזענלעכקייט און זיינע שיינע מענטשלעכע מידות. ערשטנס איז זי גאָר פשוט, זיינע לידער באַשטייען פון קורצע און קלינגענדיקע שורות, פון צוויי אָדער דריי פערזן. זיינע אימאַזשן זיינען עכט און פריש; דער ריטעם איז אַ זינגענדיקער. ריווין ווייסט דעם סוד פון צמצום, און קען אויסדריקן אין אַ קורץ ליד ניט ווייניקער פון אַנדערע אין לאַנגע פּאָעמעס.

ריווין איז אַ לירישער דיכטער, און אין תוך אָפּטימיסטיש,

אַפּילו ווען ער פֿאַלט אַריין אין אַ טאָן פֿון פּעסימיזם, איז זיין אויספּיר אַן אָפּטימיסטישער.

ביי דער געלעגנהייט שליסן מיר זיך אָן צו די אַלע זיינע אומצאָליקע פריינד, און מיר ווילן אים ווינטשן גרויס דערפֿאָלג מיט זיין צווייטער אויסגאַבע פֿון זיינע לידער, ווי ער האָט געהאַט דערפֿאָלג מיט זיין לידערבוך: „דעם טאַטנס ברכה", אריכות ימים און גוטן געזונט, און דער עיקר — סיפּוק רוחני.

ריווין דער פּאָעט, דער מענטש מיט געהויבענע מידות, האָט דאָס זיכער פֿאַרדינט.

**א. ל. בערקאָוויץ**

# אונדזערע ווערטן

אַ מתנה פאַר די דיכטערס

אונדזערע ווערטן זיינען אייביקע...
האַלט זיי אָן, ניט גיט זיי אויף!
אונדזערע ווערטן פאַלן קיין מאָל ניט,
שטענדיק שטייגן זיי אַרויף.

אונדזערע ווערטן — לידער, דאַכט זיך, בלויז „פּאַפּירענע"
זיינען, ווי די פעלדזן, פעסט;
ס'האָט קיין שליטה ניט אויף זיי קיין ציטערניש
פון דער ערד, קיין ווינט, קיין פּרעסט.

אונדזערע ווערטן האַלטן מיר מיט אונדז, אין קאַמערן,
איינגעשלאָסן, אָפּגעהיט;
קיינער קאָן ביי אונדז ניט אויסנאַרן
אונדזער ציטערדיקע ליד.

אונדזערע ווערטן זיינען אונדזערע,
אייגענע, פון גאָט געשענקט;
אונדזערע ווערטן זיינען אונדזערע,
אויסגעוויינט און אויסגעבענקט...

## פאַר וואָס דיך, ברודער, אויסלייזן?

פאַר וואָס דיך, ברודער, אויסלייזן
פון גרויל, פון פינצטערניש, פון פּלאָג?
פאַר וואָס זיך מקריב זיין פאַר דיר,
פאַר וואָס? מיר, ברודער, זאָג?

פאַר וואָס דאָס לעבן אָפּגעבן
פאַר דיר, און הענגען אויף אַ שטריק,
צו ברענגען דיר דעם נביאס טרייסט,
צו פירן דיך פון גליק צו גליק?

האָסטו שוין ווען דיין ברודער אָפּגעצאָלט
מיט גוטס פאַר גוטס, מיט ברויט פאַר ברויט?
און האָסטו ווען זיך איינגעשטעלט פאַר אים
אין אָנבליק פונעם טויט?

## פ אַ ר ז ע ע נ י ש ן

כ׳בין געגאַנגען זוכן שטערן,
האָב געפונען אַלטע לוחות...
וואָס בין איך געגאַנגען זוכן
צו די אַל די רוחות?

וואָס בין איך געגאַנגען זוכן:
הימלען, טרוימען ניט געדאַכטע?
ווינט - חלומות, שאַלעמויזן,
אויסגעקלערטע, אויסגעטראַכטע?

בין איך קליין געווען צו וויסן,
אַז דער מענטש איז נאָך פאַרדאָרבן?
ס׳וואַקסן הערנער אויף די צינגער,
אויף די ליפּן וואַקסן האָרבן.

## יצירה-פרייד

וווּנדער-פרייד פון יצירה,
בלויז אַ שאַפער קאָן זיי וויסן;
ער דערפילט זיי אין די בלוטן,
אינעם חלום אויף זיין קישן...

מעג ער אַלט זיין, שוואַך און עלנט,
ווערט ער נאָך אַ מאָל געבוירן;
זיסע פריידן פון יצירה
גייען קיין מאָל ניט פאַרלוירן.

# גאָטס אות

גאָטס אות אויפֿן קרייצוועג
באַלייכט דיינע טריט;
זיין אות אויפֿן קרייצוועג
זאָגט „יאָ" דיר, זאָגט „ניט".

דו דאַרפֿסט בלויז דערקענען
גאָטס אות אין זיין ליכט,
וואָס רגעסווייז בייט זיך
געשווינד, אומגעריכט.

און גאָט וועט דיך היטן
פֿון בייז און פֿון שלעכטס,
ביים וועג, וואָס צעשיידט זיך
אויף לינקס און אויף רעכטס.

גאָטס אות איז געשריבן
מיט פֿייער — גרין, רויט;
און טראָגט אין זיך לעבן,
און טראָגט אין זיך טויט...

## דער ווונדער פון מיין איך

האָסט מיך אָפּגעהיט פון שלעכטס,
נאָר צו ווונדער ניט דערהויבן;
כ׳דאַרף אַליין נאָך אין דער הויך
פון דער נידער זיך אויפהויבן...

כ׳דאַרף אַליין נאָך טאָג און נאַכט
פּאַלמעסן מיין ווילן,
ביז דעם ווונדער פון מיין איך
אין מיין בלוט — איך זאָל דערפילן...

כ׳דאַרף דעם ווונדער נאָך באַנעמען
מיט די חושים מיינע;
דעמאָלט דאַנקען דיר, אָ, גאָט,
פאַרן חסד דיינעם...

## ל י ד ע ר

לידער קאָן מען ניט באַשטעלן.
לידער דאַרפן קומען
פונעם האַרצן,
ווי פאַרפלאַנצטע בלומען.

לידער זיינען גאָטס מתּנות
פאַר די דיכטער, פאַר די טרוימער,
ווי דער פרישער טוי, פרימאָרגנס —
פאַר די גראָזן, פאַר די ביימער.

לידער זיינען פונקען־שטערן...
לויפן דורך דער נאַכט און ריידן
פון פאַרבאָרגענע באַגערן,
פון ניט אויסגעלעבטע פריידן...

## ווען וועל איך רופן

גענווידמעט לאהן

וועמען וועל איך רופן צו מיין בעט,
ווען דער טויט וועט קומען מיך צו נעמען?
דיך, וואָס האָסט געזוכט מיך אומברענגען אין זינד
און מיך פאַר גאָט פאַרשעמען?...

אָדער דיך, וואָס נאַרט אי זיך, אי יענעם
און האָט געוואָלט אויך מיך אַריינגנאַרן אין גיהנום?..
וועמען זאָל איך רופן צו מיין בעט,
ווען דער טויט וועט קומען מיך צו נעמען?

ליבערשט וועל איך רופן דיך, מיין גאָטס שליח,
דיך, מיין הייליקע און שטילע...
זאָלסט פון מיר די זינד מיינע אַראָפּנעמען די לעצטע,
און מיך באַגלייטן מיט דיין האַרציקער מחילה...

## מענטשעלעך, ווי ליאַלקעס

נאָענטע און פרעמדע,
אייגענע און שונאים;
קוקן נישט אויף קיינעם;
פרעמדע מחותנים...

פאָרן דורך די גאַסן,
רעדן נישט צו קיינעם;
איילן זיך צום קבר,
אין אַ טאָג אַ שיינעם..

איילן זיך מיט אימפעט, —
קאָמישע געשטאַלטן...
מענטשעלעך ווי ליאַלקעס,
פון אַ קעלער קאַלטן.

איילן זיך צום אָפּגרונט,
איילן זיך וואָס גיכער;
מענטשעלעך, ווי ליאַלקעס,
פון געוואַנט און טיכער...

# וווהין

ווּהין וועט דער ווינט מיך פאַרטראָגן,
און ווּ וועט דער טויט מיך געפינען?
אויף אַ באַרג, אַ פאַרוואָרפענעם, וויסטן,
אין אַ גרוב מיט פאַרהונגערטע בינען?

צי אין וואַלד, אויף אַן עלנטער סטעזשקע,
וועל איך ליגן מיט פאַרגלעזערטע אויגן,
און אַ סאָווע — אַ פינצטערע בייזע,
איבער מיר פון איר נעסט וועט זיך בויגן?

## לאָז עפּעס איבער

לאָז עפּעס איבער דער וועלט אַ מתּנה,
איידער דו שיידסט זיך מיט איר;
שענק איר דיין חלום, דעם קיין מאָל דערגרייכטן,
שענק איר דיין קלינגענדן שיר.

שענק איר דאָס האַרץ דיינס, דאָס קיין מאָל געשטילטע,
שענק אירם דאָס ליכט פון דיין אויג;
איידער דו שיידסט זיך מיט איר אויף אַן אמת,
איידער דו טוסט זיך דעם לעצטן פאַרנויג.

## אַ מענטש איז קלוג

אַ מענטש איז קלוג...
נישט אַלע מאָל;
ס'איז דאָ אַ מאָס,
ס'איז דאָ אַ צאָל.

ס'איז דאָ אַן אויג,
ס'איז דאָ אַ זין;
אַ ריכטערס אויג,
אַ טיפער זין.

אַ מענטש איז קלוג...
אים דוכט זיך אוים;
דאָס האַרץ איז יונג,
דאָס אויג איז גרוים.

נאָר ס'קומט אַ טאָג —
די מאָס איז דאָ;
דאָס איז דער סוף,
די לעצטע שעה...

## אַ חלום

ווי קיין מאָל ניט געווען דאָרט,
ווי קיין מאָל ניט געזען דאָס:
— אַ חלום פון קאַלירן,
אַן אויסגעטראַכטער שלאָס...

פון בערגיקע פאַנטאַנען,
פון זוניקן פאַרגיין;
אויף בלויע שוואַרצע ימען,
באַקרוינט מיט מירמלשטיין...

מיט רויטע פייערפאַסן,
וואָס צינדן אָן די נאַכט;
בין קיין מאָל ניט געווען דאָרט,
ס'האָט ווער עס אויסגעטראַכט...

# אין מיטן וועג

אין מיטן וועל איך פאַלן,
אין מיטן, מיטן וועג.
אַ האָן וועט נישט אַ קריי טאָן:
„דאָ ליגט אַ מענטש אין וועג".

אין מיטן וועל איך ליגן,
אין מיטן, מיטן וועג.
מיט אויגן צוגעמאַכטע,
און אָפּגעלעבטע טעג.

אין מיטן וועט זיך שפּרייטן
מיין שאָטן אויף דער ערד,
און רופן און דערמאָנען:
„אַ לעבן איז צעשטערט".

אין מיטן וועט זיך וויגן
מיין אויסגעפּליקטער טרוים,
ווי ס'וויגט זיך אַ „ניט גוטער"
אויף אַן אויסגעהוילטן בוים.....

# „ניאַגראַ־פּאָלס"

פֿאַר חיים גראַדע

ווי איך זאָל דיך, ניאַגראַ־פּאָלס, ניט מאָלן,
ווי איך זאָל דיך ניט לויבן און באַזינגען,
וועט מיין ליד, אַנטקעגן ס'גרוים געזאַנג פֿון חיים גראַדע
נעבעך אָרעם קלינגען.

כ'בין זיך מודה: כ'האָב אייך וואַסערן אויך געזען
מיט פּחד פֿאַלן,
און אין טיפֿע תהומען זינקען,
ווי איר וואָלט אין זיי געגאַרט דעם גאַנצן אומעט
פֿון דער וועלט דערטרינקען...

אָבער קליין בין איך מיט אַזוי פֿיל פֿאַרבן
אייך צו מאָלן, ווי דער גאָט־געבענטשטער חיים גראַדע;
לויב צו דיר, דו גרויסער מייסטער און באַזינגער
פֿון ניאַגראַס שטורמישער באַלאַדע!

# מיינע קאָלעגן

מיינע קאָלעגן — די דיכטערס —
ניט אַלע זיינען גלייך;
איינער איז נעבעך אָרעם,
דער צווייטער — שטוינענד רייך..

כ׳מיין ניט: אין מזומן,
כ׳מיין: אין גאָטס געשאַנק;
כ׳מיין ניט: אין מטבעות,
כ׳מיין: אין לידס געקלאַנג...

## ע מ ע צ ע ר

עמעצער בינדט מיין געדאַנק,
עמעצער שטופּט מיך צום גרונט;
איז עס אַ פריינד אָדער פיינט,
איז עס מיין אייגענער הונט?

עמעצער שטייט מיר איר וועג,
עמעצער לויערט אויף מיר;
איז עס אַ שונא, אַ פריינד, —
האַרט ביי מיין אייגענער טיר?

# אַלט און יונג

ער — אַן אַלטער, זי — אַ יונגע,
ער — פֿאַרכמורעט, קאַלט און שטום;
זיצן ביידע — אָפּגעטיילטע,
קוקן אָן זיך: פֿרעמד און קרום.

רעדט זי, פֿליסטערט
זיסע רייד;
רעדט: אַזוי זיך
שטילערהייט.

שווייגט ער, הערט ניט,
דרייט זיך אום;
ער — אַן אַלטער, אָפּגעלעבטער,
זי — אַ בליענדיקע בלום.

## מיין נשמה

מיין נשמה איז אַ צאַרטע סטרונע.
רירט זי עמעץ אָן,
פּלאַצט זי באַלד און ווערט צעריסן,
און פאַרלירט איר טאָן.

איז דערפאַר — ניט ריר זי אָן, אויב ליב איז
דיר איר שטיל געזאַנג;
לאָז צורו זי, ברודער ליבער,
אויב זי טוט דיר באַנג...

# אויג מיט אויג

ניט דאָס מיידל זאָגט מיר וואָס,
ניט דאָס מיידל רופט מיר ווו;
ס'איז איר שמייכל אין זיין שפּיל...
שטילערהייט ער רופט מיך צו.

לויף איך צו איר שמייכל פלינק,
גיב זיך שטילערהייט אַ נויג;
און ס'פאַרבינדט זיך האַרץ מיט האַרץ,
און ס'פאַרקנסט זיך אויג מיט אויג.

## לפנים משורת הדין

דאָם וויכטיקסטע — געדענק,
דאָם נויטיקע — פֿאַרשרייב;
דאָם פֿיינלעכע — דעק אויף,
דאָם קליינלעכע — פֿאַרטרייב.

דעם ערלעכן — האָב ליב,
דאָם העכערע — שאַץ אָפּ;
דאָם הייליקע — באַזינג,
דאָם עסלעכע — וואַרף אָפּ.

דעם זינדיקן — פֿאַרגיב,
דעם אָרעמען — באַדין;
דעם הילפֿלאָזן — באַשיץ
לפנים משורת הדין...

# בטחון

געווידמעט פינטשע בערמאַן

„בטחון" — ווי גרויסאַרטיק דאָס וואָרט איז,
און ווי וווּנדערלעך דערהויבן!
אַ לויכטנדיקער שטערן
אין דיינע וויינענדיקע שויבן...

„בטחון" — וויפיל ליבשאַפט און גענעזונג
ס'וואָרט פאַרמאָגט אין זיינע קלאַנגען!
אַ שיינענדער פרימאָרגן
הינטער פינצטערע פאָרהאַנגען...

## מיין טאַטנס ברכה

פאַר די קומענדיקע דורות
שפּין איך מיינע לידער —
פאַר די קינדער פון מיין זאָמען.
כ׳וויל זיי לאָזן אַ ירושה:
מיין טאַטנס נאָמען.

פאַר די נייע דורות
וועב איך מיינע לידער —
פאַר מיין וועלטלעכער משפּחה...
כ׳וויל זיי לאָזן אַ ירושה:
מיין טאַטנס ברכה.

# ווי נאַריש

ווי נאַריש ביסטו געווען צו גיין צוריק צו דיינע יוגנטטעג,
דאָרט זוכן גליק;
שוין ווייסטו ניט, דער נעכטן שטאַרבט אין זיין געבורט,
און קומט שוין קיין מאָל ניט צוריק?...

דער נעכטן לעבט איין איינציק מאָל,
ווי ס׳לעבט אַ שטערן אין דער נאַכט;
ער קומט, ער גליט, ער צינדט דיין בלוט,
דערנאָך פאַרגייט ער שטיל און גוססט אין זיין פּראַכט...

## עס איז דאָ אַזאַ שעה

עס איז דאָ אַזאַ שעה, אַזאַ געטלעכע שעה,
ווען דו ליבסט אַזוי ערלעך און טריי;
און דיין האַרץ ווערט צעגליט,
און דיין האַרץ ווערט צעבליט,
ווי אַ רויז אין אַ זוניקן מאַי.

און דו גאַרסט נאָך אַ פריינד, נאָך אַן אמתן פריינד,
נאָך אַן ערלעכן, ערלעכן פריינד;
און דו שענקסט אַלע זינד, ווי אַן אומשולדיק קינד.
דיין פאַרביטערסטן, ביטערסטן פיינט...

עס איז דאָ אַזאַ שעה, אַזאַ הייליקע שעה,
ווען דו ווייסט ניט, וואָס גוט איז, וואָס שלעכט,
און דו ליבסט אַלע גלייך, און דו ליבסט אַלע היים
און דו בלייבסט נאָך ביי זיך אומגערעכט...

## אָ חלום ליכטיקער!

וואָס וואָלט איך געטאָן מיט זיך,
ווען כ׳וואָלט מיין חלום ניט געשפּונען
און כ׳וואָלט פון טעגלעכקייט און בייזער וואָר,
צום חלום ניט אַנטרונען?

כ׳וואָלט שוין לאַנג געלעגן אין אַ הייל,
און אויסגעגאַנגען פון פאַרצערונג.
אָ חלום ליכטיקער, פון גאָט געשענקט,
דו ביסט מיין איינציקע דערנערונג!...

# כ׳האָב לאַנג געזוכט דיך

כ׳האָב לאַנג געזוכט דיך און ניט געפונען...
און איצט, ביים סוף פון לעבן,
וואָלט איך מיין איינציק לעבן
פאַר דיר אַוועקגעגעבן.

אַזוי באַהנט ביסטו מיט טרויער,
אַזוי פיל גליק אין דיינע אויגן...
כ׳וואָלט צו דיר, אויף אָדלער־פליגלען,
אין מיטן נאַכט געפלויגן!

## געלויבט זיי, גאָט!

געלויבט זיי גאָט, פאַר יעדן מינדסטן טראָפּן גליק,
פאַר יעדער רגע פרייד,
פאַר אויסהיטן מיך פון פּיין,
פאַר אָפּהיטן מיך פון לייד.

געלויבט זיי, גאָט, פאַר יעדער גוטער שעה,
וואָס שענקסט מיר מיט דיין פולער האַנט;
פאַר אָפּהיטן מיין געזונט,
פאַר אויפהאַלטן מיין פאַרשטאַנד.

## איך מיט דער פּען

איך — מיט דער פּען,
ער — מיטן אַקער, —
גאַנצע טעג און גאַנצע נעכט
אַקערן מיר די ערד,
רייניקן דאָס פעלד,
פיטערן די שאָף,
בעטן גאָט אויף רעגן...

איך — מיט דער פּען,
ער — מיטן אַקער,
קלויבן אויף דאָס ברויט,
דאַנקען דעם באַשעפער
פאַר זיין חסד, זיין גענאָד...

## ווער איז זי, אָט די פרוי?

זי קוקט אַרוים מיט אַזוי פיל געבעט צו מיר,
און איך, פאַרווונדערטער, — אַנטלויף פון איר.
ווער איז זי, אָט די פרוי, מיט צייכנס דורשט אין אויג,
אויף מיר, — איר אָנגעשטעלטן אויג?

זי׳ רופט מיך, הא? צו זיך, — איר אויסגלעטן, איר
אויסקושן איר צער...
נאָר איך אַנטלויף פון איר, — אַליין זיך
אָפּגענאַרטער נאַר.
ס׳איז אַלץ שוין אוים, — זי איז נישטאָ...

נאָר איך, אַ נאַר, — שטיי אַלץ נאָך דאָ.
צו וואָס, צו וואָס? ס׳איז דאָך לאַנג צו שפּעט:
מסתמא וויינט זי איצט אַליין און יאָמערט אויף איר
ליידיק בעט...

# דאָס בלינדע לעבן

די אָפּגעגאַנגענע זיינען ווייט פון אונדז.
און מיר, — מיר זיינען בלינד, מיר זיינען בלינד
און האָבן ליב דאָס בלינדע לעבן,
ווי אַן ערשט־געבוירן קינד.

דאָס בלינדע לעבן ליבן מיר
מיט יעדן חוש, מיט אונדזער יעדן אבר;
אונדז שרעקט קיין זאַך: קיין תליה ניט —
מיר זעען ניט דעם שאָטן — אונדזער קבר...

און זיין זאָל זיין, וואָס ס׳וויל,
דער מאָרגן רופט צו קאַמף, צו לוסט, צו פריידן;
מיט אונדזער בלינדן לעבן —
מיר ווילן ניט, מיר ווילן זיך ניט שיידן...

## ה י י נ ט   פ ר י

מיט ווייסן אויסגעבעט די ערד,
אויף אַלע וועגן ווייס, ווייס, ווייס...
פון אויבן — זון, פון אונטן — זון,
אויף אַלע וועגן זונענליכט.

און ס׳דוכט זיך מיר: די גרויסע וועלט,
די ברייטע, גרויסע, שיינע וועלט,
היינט פרי איז איין געזאַנג צו ליכט,
און צו דעם ווייסן זונענשטראַם...

## דאָס ניט דערגרייכטע

דאָס שענסטע איז דאָס ניט דערגרייכטע,
דאָס שענסטע איז דאָס אויסגעטרוימטע;
פון וועלטן אויסגעטראַכטע,
פון דראַנגען ניט געצוימטע...

דאָס שענסטע איז דער בלינדער אימפּעט,
דאָס שענסטע איז דער שטאַרקער ווילן;
צו זיין אַליין דיין האַר פון טרויער
און דיין געוויין מיט אויפבּרויז שטילן...

## קיין מענטש

קיין מענטש איז ניט צו גרויס ביי גאָט,
און קיינער ניט צו פרום,
צו פאָלגן גאָט און גיין מיט אים
ווען ער באַפעלט דיר: „קום״!...

דער גרעסטער חכם איז ביי גאָט,
אַ נישטיקייט, אַ נאַר;
ביסט בלויז אַ קנעכט ביי אים, און ער, —
ער איז דיין חסדים־פולער האַר...

# איין מאָמענט

אַ מענטשנס לעבן לעשט זיך אויס,
אין איין מאָמענט, אין איין מאָמענט;
אָט איז ער דאָ און שוין נישטאָ, —
אין איין מאָמענט, אין איין מאָמענט...

פאַרזוך זשע פאָרט דעם טעם, די פרייד
פון איין מאָמענט, פון איין מאָמענט;
עס וועט שוין קיין מאָל מער ניט זיין,
דער איין מאָמענט, דער איין מאָמענט...

## פון גאָט באַשערט

מיין ליבער לאהן

זי האָט מיך ליב אָן שיינע רייד,
אָן ליבעס-ווערטער ;
ביי איר בין איך איר לעבנס-תוך,
פון גאָט באַשערטער...

און איך? צו וואָס זאָל איך עס לייקענען?
כ'האָב ליב זי אָן אַ שיעור,
ווייל גאָט אַליין, ווי זיין געשאַנק,
האָט זי געגעבן מיר...

## כ׳בין אַ קינד פון דער גאַס

כ׳בין אַ קינד פון דער גאַס, פון דער רווישיקער גאַס,
ווו עס וואַקסן קיין בלומען ניט זומער;
ווו דער הימל איז גרוי און די פּנימער בלאַס,
און די הערצער פאַרשטיינערט פון קומער.

כ׳בין אַ קינד פון דער נויט, פון דער שרייענדער נויט,
וואָס ניט ווייסט פון קיין פרייד און קיין שטערן;
און מיין ליד זינגט דערפאַר בלויז פון הונגער און טויט,
און פון פּיינלעכע, ביטערע טרערן...

## רייס אַרויס

ריים אַרויס דעם ווילדן אָנוווקס פון דיין ברוסט...
וואַרף אים צו דעם ווינט;
אויב דו קאָנסט נאָר, — היט זיך אויס
פון זינד.

אויב דו קאָנסט נאָר... אָבער ווער איז דער, וואָס קאָן
זיך אויסהיטן פון זינד?
סיידן בלויז אַ זויגלינג ביי זיין מאַמעס ברוסט, —
אַן ערשט געבוירן קינד...

# דו קאָנסט אָן גאָט ניט זיין

קאָנסט לויבן גאָט, קאָנסט שילטן גאָט,
ס׳איז אַלץ אָן דיר געווענדט;
ביסט קיין מאָל, קיין מאָל ניט ביי זיך
אַליין — אין דיינע הענט.

גאָט פירט דיך אום פון גוטס צו שלעכטס,
ער ברענגט דיר פרייד און פיין;
קאָנסט לויבן גאָט, קאָנסט שילטן גאָט,
דו קאָנסט אָן גאָט ניט זיין...

## מיין שענסטער טרוים

ערגעץ ווייט, ערגעץ ווייט,
איבער וואָלקנס הויך אין הימל,
שווימט אַ שיף פון גאָלד און בלוי,
צו אַ ברעג פון טרוים און דרימל.

שלאָף איך איין און פלי צוזאַמען,
מיט די פלאַמיקע געשטאַלטן;
אויף דער ווייטער, ווייטער שיף
ליגט מיין שענסטער טרוים באַהאַלטן.

## אפשר?

אפשר דאַרף מען שרייען שטאַרקער,
אפשר דאַרף מען וויינען העכער?
אפשר דאַרף מען קלאָגן טיפער,
אפשר דאַרף מען צינדן דעכער?...

נאָר דער מענטש איז נאָך פאַרזונקען
אין אַ טיפן שלאָף אַ שווערן;
ס׳ווייסט בלויז גאָט אַליין דעם אמת:
ס׳קאָן דעם רוף, דער מענטש, ניט הערן.

ווייסט בלויז גאָט אַליין דעם אמת,
וויפל ס׳פעלט דעם מענטשן וויסן;
און ווי קליין עס איז זיין שכל,
און ווי אָרעם זיין געוויסן.

אפשר דאַרף מען שטראָפן, מאָנען?
אפשר דאַרף מען רייסן קריעה?
מענטש, דו גרויסער, מענטש, דו שיינער!
גאָטס-געבענטשטע בריאה!...

## פ ר י ל י נ ג

מאַרגנטוי און מאָרגנליכט
פון באַשאַף דעם סוד צעשפּילן.
וועקט אין האַרצן זיך אַ ליד,
זינגט פון בענקען שטילן.

הייבט דאָס האַרץ זיך הויך און הויך —
העכער צו דעם הימל,
ווי אין פעלד — פון גרינעם קנאָספּ,
פרילינגס ערשטע בלימל.

קושט דאָס ליכט דעם מאָרגנטוי,
און דער טוי — דאָס בלימל ;
קלאָרט זיך אוים מיין פרילינגליד,
ווי דער בלויער פרילינג-הימל...

## לעבן

מ׳קאָן גאָר די וועלט ניט באַרעכענען:
אַזוי פיל פאַרדרייטע חשבונות;
אַזוי פיל געדאַנקען פאַרפּלאָנטערטע,
אַזוי פיל צעמישטע רעיונות.

מ׳קאָן גאָרנישט פירן קיין רעכענונג
פון שולדיק, פון נעמען, פון געבן;
מ׳קאָן גאָר דעם שליסל ניט אָפּזוכן
צום סוד, וואָס זיין נאָמען איז לעבן...

## ווען דער ליגן טריִומפירט

ווען דער ליגן טריִומפירט,
מיינט עס ניט: בלייב שטיל
און צאַרן מער ניט קעגן אומרעכט און שאַנטאַזש,
נאָר פאַרקערט:
בליץ אויף מיט מערער נאָך פאַרביטערטן פאַרדרוס,
און אַטאַקיר
דעם ליגן — מיט נאָך שטאַרקערן קוראַזש.

ווען דער ליגן טריִומפירט,
מיינט עס ניט: גיב אויף
דעם קאַמף פאַר אמת, יושר און פאַר ליכט,
נאָר פאַרקערט:
אומאויפהערלעך צו שטורעמען דעם ליגנס פעסטונגען —
איז דיין חוב,
דיין ניט אויפהערלעכע פליכט.

## אויפן טויט פון אַן איבערגעפּאָרענער

פאַר וואָס האָט מען מיך ניט גערופן צו איר,
כ׳זאָל זען, ווי דער טויט האָט זי פאַרשניטן?
ערשט אין דער פרי, אַ פריילעכע, איז זי פון הויז אַוועק,
און שפּעט ביי נאַכט האָט דער טויט זי אויסגעכאַפּט
אויף איר לעבנסוועג — ערשט אין דער מיטן.

אַ ווילדער יונג, אַ שיכור, אַן אַלקאָהאָליקער, —
האָט זי מיט זיין מאַשין צעממיתט און צעריבן;
אַ קללה אויף אים און אויף דער וועלט, דער הפקרדיקער, קרומער,
וואָס האָט אים פאַר איר תליין אויסגעקליבן.

פאַר וואָס בין איך ניט דאָרט געווען
צו זען און שרייען גוואַלד, און רייסן קריעה,
ביי איר פאַרשטיקטן אויסגעשריי,
אויף איר פאַרבלוטיקטער, פאַרענדיקטער נסיעה?

## וואָס שאָקלט איר זיך ביימעלעך?

וואָס שאָקלט איר זיך, ביימעלעך,
וואָס ציטערט איר אַזוי?
איז אונדזער וויי און צער
אויך אייער צער און וויי?

איר קומט דאָך נאָך צוריק,
ווען ווינטער איז פֿאַרביי;
און איר לעבט נאָך, און איר בליט
שטענדיק אויף דאָס ניי.

אָבער מיר... מיר שטאַרבן און ס'איז אויס,
מיט אונדזער בלישטשענדיקן טרוים:
הלוואי וואָלט איך געווען
אַ בליִענדיקער בוים!

# חבלי-לידה

כ׳וועל שוין אומקומען אין חבלי-לידה
פון דער ליבע צו דעם ליד,
ווי דער שמעטערלינג אין פייער,
ווי דאָס אייזן ביי דעם שמיד.

יעדער פונק פאַרווייכט דאָס אייזן,
עסט און שלינגט עס איין;
אַזוי אויך מיין ליד פאַרברענט מיך,
נאָר עס טוט ניט ווי זיין פיין...

## כ׳וויל מיר אומגיין

כ׳וויל מיר אומגיין און ניט טראַכטן:
וואָס וועט זיין דערפון?
מאָרגן וועט דאָך ווידער שיינען
גאָטס צעבלענדטע זון.

מאָרגן וועט דאָך ווידער ליגן
אויפן פעלד דער טוי;
און דער קלאָרער הימל ווייטער
זיין וועט סאַמעט־בלוי.

איצט איז פינצטער, שטיל און סמוטנע,
כ׳גיי מיר זאָרגלאָז אום;
מאָרגן וועט דאָך ווידער בליִען
אין דעם טאָל די בלום.

מאָרגן וועט דאָך ווידער בליִען
לעבן, פרייד און לוסט,
און פון טויזנט פריידן פרישע
זינגען וועט מיין ברוסט.

## וואָס איז לעבן ?

וואָס איז לעבן ?
שטומע מי
פון פרימאָרגן,
ביז גאַנץ פרי.

וואָס איז לעבן ?
כ׳ווייס ניט וואָס, —
אַזאַ זעונג
אויף אַ גלאָז...

וואָס איז לעבן ?
פרעג מיך ניט...
אויף אַ טורעם —
אַ מעסערשניט...

וואָס איז לעבן ?
בלינדע שיין,
אַלטע ליבע,
שטאַרקער וויין...

## ס'איז

ס'איז: וואָס דו טוסט אַליין, —
איז קערנדיק און גוט
מיט דיין ברויזיק האַרץ,
מיט דיין קאָכיק בלוט...

ס'איז ניט: וואָס עמעצער איז גוט צו דיר
און העלפט דיר אויפדעקן דיין איך.
דו דאַרפסט אַליין דערשפּירן דעם געבורט,
וואָס דו טראָגסט אין זיך...

## ס'איז אַלע מאָל דאָ

ס'איז אַלע מאָל דאָ אַ גוטער און אַ שלעכטער,
גערעכטער און אומגערעכטער;
ס'איז אַלע מאָל דאָ צדק און דין,
די וועלט איז ניט הפקר און אַלץ האָט אַ זין.

ס'איז אַלע מאָל דאָ אַ רשע, אַ באַרבאַר,
ס'איז אַלע מאָל דאָ אַן אָפּגעריסענער נאַר.
און ווער קאָן זאָגן: „ס'איז קיין גאָט ניטאָ?"
ס'זאָל גאָר ניט קומען אַזאַ פינצטערע שעה...

# אויטאָס

אויטאָס יאָגן, אויטאָס פליִען,
ווי מחבלים לויפן, רוישן;
וועגן קרומע, וועגן גלאַטע,
שלענגלען זיך און טוישן...

אויטאָס ווילדע, אָן רחמנות,
שלינגען איין די וועגן;
ווערט פאַרצערט דער וועג, דאָס לעבן,
אַלץ, וואָס קומט אַנטקעגן...

## ס׳לעבן

ס׳לעבן איז געשליפן גלאָז,
צאַרט און דין.
קומט דער ווינט און טוט אַ בלאָז,
איז אוים מיט לעבנסזין.

ס׳לעבן איז, ווי פאָרצעליי.
קוים נאָר רירסט עס אָן,
ברעכט עס זיך און איז פאַרביי —
ס׳איז: „ניט ריר מיך אָן"...

היט עס שטאַרק, דערפאַר, מיין פריינד,
היט עס, ווי דיין אויג אין קאָפּ;
האָב הנאה פונעם היינט,
לייג אויף מאָרגן גאָרניט אָפּ...

## אַ זונפאַרגאַנג אויפן וואַסער

אַ זונענוועג, אַ זונענשטעג,
שפּרייט אוים זיך אויפן וואַסער;
אין הימלרוים — דער זונענבאַרג,
ווערט בלוטלאָזער און בלאַסער.

אָט פאַלט ער שטיל אַרונטער מיד,
אין אָפּגרונט אומבאַקאַנטן:
אָט שטייט ער אויף און שפּריצט אויף אונדז
מיט פּערל און ברילִיאַנטן.

מיר פאָרן שטיל — דאָס שיפעלע
זיך הוידעט אויף די וועלן;
און הייליק־שטיל פאַרקנסן זיך
צוויי בענקענדיקע זעלן.

מיר טרוימען שטיל... מיר רעדן ניט...
מיר שעפּטשען בלויז אַ תּפילה;
אין הימלרוים — דער זונענבאַרג
מאַכט גרייט זיך שוין צו נעילה...

## זונפאַרגאַנג

זונען־שיפן שיינען, גלאַנצן,
ווייט אין הימלרוים.
פֿאַר די אויגן וועבט זיך, וועבט זיך
אוים אַ זונענטרוים.

שטילער, שטילער, בלייכער, בלייכער
ווערט די מערב־זייט
און דער קלאָרער הימל בלויער
ציט זיך, ציט זיך ווייט.

טאָלן, פעלדער, וועלדער שטילע
דרימלען, דרימלען איין.
אויף די הימלען שטאַרבט דער לעצטער,
שטאַרבט דער לעצטער שיין.

## אַ וואַסער־בוקעט

ס'לויפט מיר אַנטקעגן אַ כוואַליע,
שפּריצט מיט באַזילבערטן שוים;
טראָגט מיר אַ גרוס פון די טיפן,
פון דעם אומענדלעכן תהום.

קייקלט זיך צו צו די ברעגן,
טוט זיי אַ קוש און אַ גלעט;
קושט מיינע פּיס מיר די כוואַליע,
שענקט מיר אַ וואַסער־בוקעט.

טרוים איך... פון הימל עס פאַלן,
רויזן־בוקעטן אַראָפּ;
פאַלן אויף זילבערנע טייכן,
פלעכטן זיך איבער מיין קאָפּ...

## אַן אינדזל אויפֿן הימל־רוים

אַן אינדזל אויפֿן הימל־רוים, — אַ גאָלדענער טרוים,
פֿאַרזינקט, פֿאַרזינקט גאָר שטיל...
און ווייט אַרום דעם פֿעלד, — אַ גאָלדן־בלויער זוים
שפּילט אוים זיין פֿאַרבן־שפּיל...

וואָס איז דאָ טאָג, וואָס — נאַכט?
און ווו איז מיט אַ מאָל
מיין זון, מיין גאָלדענע זון אַוועק?...
כ׳זע בלויז פֿעלד און וואַלד; דאָ זע איך:
באַרג, דאָרט — טאָל,
און ווייט, גאָר ווייט, — אַ לאַנגן, לאַנגן וועג...

## אין אַ שיפל

ס׳וויגט זיך דאָס שיפעלע שטיל...
ס׳וועבט זיך אַ ליבעס-געפיל;
ס׳וויגט זיך דאָס שיפעלע שטיל...

כוואַליעלעך רינגלען זיך דין...
און אַזוי כישופדיק-גרין;
כוואַליעלעך רינגלען זיך דין...

ס׳גייט אוים די זון, ווי אַ טרוים...
שטיל ווערט דער בלוילעכער זוים;
ס׳גייט אוים די זון, ווי אַ טרוים...

שאָטנס צעשפּרייטן זיך זאַכט, —
ברענגען אַ גרוס פון דער נאַכט...

אומרויִק שפּרייט זיך דער וועג
צו דעם אומזיכטבאַרן ברעג...

## ס׳קומען שוין ווידער פאַרנאַכטן

ס׳קומען שוין ווידער פאַרנאַכטן,
פון בלווילעכע הימלען געקושט;
און — ס׳גייט אויס פון פיין און יסורים
מיין דורשטיקע, לעכצנדע ברוסט.

דאָ בלוי און דאָ גראָ איז דער הימל,
און לאַנגזאַם, און לאַנגזאַם און מיד,
זיך ציִען און ציִען די וואָלקנס,
און וועבן אַ נאַכטיקעס ליד...

אין נעפּל געהילט — די לבנה
גייט אויס, ווי אַ גוססדיק קינד...
און רוישנדיק שטיל, ווי אַ חלום
טראָגט אום זיך אַ היימלעכער ווינט...

## אומעטיקע נאַכט

אַן אומעטיקע נאַכט מיט שוואַרצע שאָטנס
פאַרגליווערט ליגט;
דער הימל שוואַרץ דורך בערג מיט וואָלקנס
פאַרצאָרנט בליקט.

און ווייט, גאָר ווייט אַ שטערנדל קוים פינקלט
אַרונטער מיד;
אַ נאַכטווינט קומט און ברומט אויף בוים און גראָזן,
זיין טרויערליד.

קיין מענטשן־קינד באַווייזט זיך איצט אין גאַס מער,
ס'איז טויט אַרום;
בלויז איך אַליין, מיט שטילע טריט באַהאַלטן,
שפּרייז אום, שפּרייז אום...

צי ווייסט גאָר ווער, צי פילט גאָר ווער
די זיסקייט פון זיין אַליין?
אָ, אומעטיקע נאַכט, מיט ווינציק שטערן אין די וואָלקנס —
אָ, נאַכט פון חן!

## דער אָסיען־ווינט

פרימאָרגן... ברוגז איז דער הימל...
אַ קאַלטער אָסיען-ווינט שפּרינגט אום
און ס'ציטערט אויף פון שרעק און מורא קאַלטער
אַ יעדעס בלעטעלע, אַ יעדע בלום.

די לעצטע טעג... זיי זענען אומעטיקע, שווערע.
פאַרטרויערט ליגט די ערד, פאַרשטומט;
און איבער איר — דער בייזער ווינט
— דער גאַסט פון אָסיען,
פליט אום און רוישט און ברומט.

אַ בלאַט נאָך בלאַט פאַלט אָפּ און ווערט פאַרשוווּנדן
וואָס איז געווען — איז מער ניטאָ...
פון ערגעץ-ווייט, פון ערגעץ -ווייט פון וואַלד, פון שוואַרצן
קומט אָן אַ גאַסט: די ערשטע שוואַרצע קראָ...

# בלומען

בלומען וואַקסן ביי דעם „שאַפּ”,
בלומען פרישע, רויטע;
בלומען וועלקן אינעם „שאַפּ”,
אָפּגעבליטע, טויטע.

שיקן די אַ גרוס אַרויף,
צו די „בלומען” דאָרטן;
לאָזן די אַ טרער אַראָפּ
פונעם „שאַפּ” אין גאָרטן.

און אַזוי באַגריסן זיך,
שוועסטערלעך, די בלומען;
די — אַ קוואַל מיט וויי־טיקן,
די — אַ קרוג פּאַרפיומען...

## רויטע בלומען

רויטע בלומען, שיינע בלומען,
פרישע, רויטע בלומען;
ווען איר אויך פאַרפרוירן ווערן,
ווען דער האַרבסט וועט קומען?

גלייך מיט אַלע שוועסטער־קווייטן,
וואָס ניט זענען רויט אין גאַנצן?
אָדער וועט איר אייביק בליִען,
שיינע, רויטע לעבנס־פלאַנצן?

זאָגט מיר, זאָגט מיר, בלומען רויטע,
כ׳שטאַרב פון ווייטיק שווערן;
וויסן, צי דער האַרבסט, דער קאַלטער,
וועט אייך אויך צעשטערן?.

## דער אָנזאָג פון פרילינג

ווייסע ציכן, ווייס געבעט —
ליגט דער שניי, ווי סאַמעט גלאַט ;
אונטן ליגט די ערד — זי בעט :
„מאַך מיך רייך און פעט און זאַט".

וואַרט נאָר אויס אַ טאָג און צוויי...
ס'וועט דער זילבער־ווייסער שניי
זיך צעשמעלצן און צעגיין ;
און די פעטע ערד מיט לוסט,
וועט איר קלאָרע זאַטע ברוסט
אויפמאַכן מיט חן..

אַלע שלעסער, שטייף און האַרט,
אין די ווינטער־ראַמען שווער,
וועלן ווערן מילד און צאַרט,
ווי נאָך קיין מאָל ביז אַהער...

אויף די שפּיצן בערג — די זון
וועט אין גאָלד זיך באָדן... און
מיט צעפּלאַמטע שטיקער גאָלד
וואַרפן לינקס און וואַרפן רעכטס
גלייך אויף גוטס און גלייך אויף שלעכטס,
קאָן נאָך שענער זיין געמאָלט ?...

װעלן טײַכלעך מורמלען שטיל :
„פרילינג קומט שױן, פרילינג גײט“,
ס׳װעט די אַלטע, אַלטע מיל
יונג און נײַ װערן פֿאַר פֿרײד.

טױזנט פרײדן און נאָך מער
װעלן פֿליסן הין און הער
אין דעם פרילינגס פרישער לופֿט ;
זאַפֿטע בלומען װעלן קומען,
אָנגעזאַפּט מיט בשמים־דופֿט,
אָנגעזאַפּט מיט פרילינגס־דופֿט...

## שנייעלעך

(פאַר קינדער)

פעדערלעך ווייסינקע, ווייכע —
בלישטשענדע שנייעלעך פאַלן;
פאַלן אַן אויפהער פון הימל
שנירעלעך ווייסע קרישטאַלן.

אָ, וויפל הערצעלעך יונגע
וועלן מיט אייך זיך דערפרייען!
שטילע באַזילבערטע וועגן,
ווייכע, געבעטע מיט שנייען...

יונגע געליבטע, פאַרקלערטע
וועלן אייך קומען אַנטקעגן;
פרייד און אַ יונגער געלעכטער
קלינגען אויף שנייאיקע וועגן...

## האַרבסט

די בלעטער פאַרוויאַנעט, פאַרטריקנט, פאַרשעמט,
דער הימל פאַרצאָרנט און גראָ ;
דאָס האַרץ אַזוי עלנט, פאַרגליווערט, פאַרקלעמט
אין דער פאַרנאַכטיקער שעה.

עס ליגן די בלעטער פאַרגעלטע, פאַרלאָזט,
אין האַרצן דער אומעט מיך נאָגט ;
די בלעטער צעטראָטן, דער ווינט זיי צעבלאָזט,
און ווייט מיטן שטויב זיי צעטראָגט...

## ווען דו זעסט

ווען דו זעסט, ווי מענטשן פרייען זיך און לאַכן,
שטראָף זיי ניט און שטער נישט זייער גליק;
אפשר זוכן זיי דערטרינקען זייער אומעט
אין די קלאַנגען פון מוזיק?

אפשר זוכן זיי אַנטלויפן פונעם חושך,
וואָס זייגט אויס פון זיי דאָס בלוט,
און פרעסט אויף ביי זיי דעם ווילן,
און טויט אָפּ ביי זיי דעם מוט?

אפשר לעכצן זיי פאַריאָגן זייער טרויער
מיט אַ שאַרפן טרונק?
אפשר ווילן זיי פאַרטרייבן זייער אומעט
מיט אַ לאַך און מיט אַ שפרונג?

## ניט זיי פאַרגלויבט אין זיך אַזוי

ניט זיי פאַרגלויבט אין זיך אַזוי, דו נאַר,
ביסט דאָ בלויז אויף אַ ווייל.
איז וואָס איז דאָ דאָס גרויסקייט דיינס,
און וואָס איז דאָס געאייל?

מיט אַלע גלייך, אויך דו וועסט אָנקומען אַהין,
פון וואַנען קיינער קומט שוין ניט צוריק.
איז בעסער גרויס זיך ניט אַזוי,
און נעם זיך אַזוי ניט איבער מיט דיין „גליק"...

## מיט דערוואַרטונג

מיט דערוואַרטונג קאָנסטו אויסלעבן אַ לעבן,
מיט בטחון קאָנסטו וועלטן איבערקערן.
ס'קאָן דיין לעבן, פול מיט יאוש —
דיר אַ גן־עדן ווערן.

מיט חלומות, מיט פאַנטאַזיעס
קאָנסטו אין די הימלען שוועבן...
זאָג ניט קיין מאָל אין פאַרצווייפלונג ;
„כ'האָב פאַרשפּילט מיין לעבן..."

## דער אָנזען פון אַ מענטשן

אַ מאָל פאַרפירט דיך שטאַרק דער אָנזען פון אַ מענטשן:
זיין גאַנג, זיין שטעלע, זיין באַנעמונג,
און ס׳טוט דיר באַנג דער צוטרוי דיינער,
און ס׳עסט דיך אויף דיין אייגענע פאַרשעמונג...

נאָר ס׳איז שוין שפּעט באַדויערן דעם עבר,
דער היזק איז שוין אָפּגעטאָן — פאַרפאַלן.
זאָלסט נאָר אַ צווייטן מאָל ניט לאָזן זיך פאַרפירן
פון אויסזען פון אַ מענטשן — אַ קרבן פאַלן...

## היינט און מאָרגן

היינט ביסטו ביי מיר אַ טויב
און כ׳בין גרייט פאַר דיר צו שטאַרבן;
מאָרגן ביסטו אַ פאַלשע קאַץ,
כ׳וויל צעשמעטערן דיין שאַרבן.

היינט בין איך אין דיר פאַרליבט,
גרייט אויף יעדן קרבן;
מאָרגן ווילט זיך מיר אַזוי
פון מיין ליבע מאַכן אַ חורבן...

## אַן אָפּגעבליטע בלום

אַן אָפּגעבליטע בלום ביסטו — אַ רויז,
וואָס האָט געבליט און בליט ניט מער ;
אַ שיינער זונענטרוים פון פריִער,
און איצט — אַ ווייטיקלעכע טרער...

דאָס איז דער סוד פון דיר, מיין שיינע רויז
— דער סוד
פון דיינע שיינע אָפּגעלעבטע טעג,
און פון די ווייטיקלעכע נעכט,
וואָס וואַרטן נאָך אויף דיר אַ סך, אויף דיין לאַנגן
שווערן לעבנסוועג...

# טיף אין האַרצן

טיף אין האַרצן לעבט דער גלויבן,
לעבט די האָפענונג אויף גוט;
היים נאָך, זודיק, קוואַליק, ברויזיק
איז מיין האַרצנס בלוט.

טיף אין האַרצן לייכט נאָך ליכטיק,
יוגנטס אויסגעוועלבטער טרוים;
ניט פאַרוועלקט נאָך איז מיין גאָרטן,
ניט פאַרשניטן מיין לעבנסבוים...

# אָ, גאָט!

דער גוטער קומט אָפּ פֿאַרן שלעכטן,
דער גערעכטער — פֿאַרן אומגערעכטן;
דער צדיק צאָלט אַלע מאָל מערער,
ווי דער רשע און צעשטערער...

אָ גאָט! ווי קאָנסטו דאָס צוזען,
ווי קאָנסטו פֿאַרשווייגן די קרווינען?
ווי קאָנסטו דעם צדיק באַשטראָפֿן,
ווי קאָנסטו דעם רשע באַלוינען?

## איינס און צוויי!

ס'שלאָגן גוטע הערצער אומעטום,
זוך זיי אויס, קום צו זיי;
האַרץ מיט האַרץ פאַרבינד, פאַרקניפּ,
איינס און צוויי, איינס און צוויי!

ס'לעכצט אַ האַרץ נאָך אַ האַרץ אין גאַר דער וועלט.
אומעטום, לויף, דערפריי;
מיט אַ וואָרט און מיט אַ גרוס,
איינס און צוויי, איינס און צוויי!

## בלייענע הימלען

בלייענע הימלען, טרוקענע גראָזן,
קאָרטשעט די שטאָט זיך פון היץ;
ס׳זאָל כאָטש פון ערגעץ אַ ווינטעלע קומען,
ס׳זאָל כאָטש אַ קנאַל טאָן אַ דונער, אַ בליץ.

ניין, ס׳איז פרימאָרגן, און שוין איז פאַרגליווערט
ביים מענטשן דער ווילן — פון היץ;
ס׳זאָל כאָטש פון ערגעץ אַ ווינטעלע קומען,
ס׳זאָל כאָטש אַ קנאַל טאָן אַ דונער, אַ בליץ...

## ל ע ב ן

גיכער וועסטו מיך באַזיגן,
לעבן — בלוטיקער סאַטראַפּ —
איידער כ׳וועל זיך פונאַנדערוויגן
דיר דערלאַנגען דעם ערשטן קלאַפּ.

גיכער וועל איך אומפאַלן אַ מידער
פון דעם בלוטיקן פאַרמעסט,
בלוט וועט רינען פון מיינע גלידער,
אַש וועט איינדעקן מיין היים, מיין נעסט.

# טרייסטונג

גערוידמעט לאהן

דיין באַרויִקונג, דיין טרייסט
איז ניט מיט ווערטער אויסצודריקן;
אַזוי פיל ליבשאַפט אין דיין וואָרט,
אַזוי פיל זונליכט אין דיינע בליקן...

ווען דאָס האַרץ איז ווי פאַרסמט
פון אַ שווערן בראָך און טרויער;
קומסטו מיט דיין טרייסטונג-וואָרט,
ברענגסט דערקוויקונג פאַרן אויער...

„רויִק, רויִק, האַלט זיך נאָר",
זאָגסטו צערטלעך, ווי אַ מאַמע;
ביסט די קרוין פון טרייסטונג-וואָרט, —
ביסט די טרייסטונג סאַמע...

# אַ פּאַלשער טעלעפֿאָן־רוף

אָנגערירט זיך מיט אַ מענטשן,
פּלוצלינג, אַ מינוט;
גאָרנישט מיר פֿאַרבליבן
אין מיין אייגן בלוט.

גאָרנישט מיך דערשיטערט,
גאָרנישט מיך צעשטראַלט;
מענטש מיט מענטש איז נאָענט,
אָפּט מאָל — פֿרעמד און קאַלט...

ווי אין ווינט — אַ ווייטער ניגון,
ווי אין פֿעלד — אַ מאַטע ליכט;
האָב אַ מענטשן אָנבאַגעגנט —
פּלוצלינג, אומגעריכט...

## שלעכטס און גוטס

ס׳קאָן דער מענטש גאָר גוט ניט זיין,
דאָס שלעכטע וועגט אַריבער;
ס׳ליגט דאָס שלעכטע אין זיין גוף,
אין אַלע זיינע גלידער.

טיף באַגראָבן איז דאָס שלעכטס,
אויך אין מענטשנס מוח;
האָט שוין ווער באַזיגט דאָס שלעכטס,
האָט שוין ווער געהאַט דעם כוח?

איינער בלויז — אַ צדיק איז,
קאָן דעם סם באַזיגן;
וויפיל אָבער פאַלן אום,
ווי פאַרסמטע פליגן?

## פאַר וואָס?

פאַרוואָס איז די וועלט אַזוי מיאוס,
פאַר וואָס איז דער מענטש אַזוי קליין?
ווען זיין וואָלט געדאַרפט ער אַ מוסטער
פון אַלץ, וואָס איז הערלעך און שיין.

ווען זיין וואָלט געדאַרפט ער דער טרעגער
פון גרויסקייט, פון אמת, פון מוט,
ליגט צביעות, פחדנות און שקר
באַהאַלטן ביי אים אין זיין בלוט...

ווען זיין וואָלט געדאַרפט ער — אַ שפּיגל
פון גוטסקייט, פון רחמים, פון טרייסט —
אָ, זאָגט מיר, איר מענטשן, איר קלוגע,
אויב עמעץ פון אייך נאָר עס ווייסט.

פאַר וואָס איז די וועלט אַ פאַרקערטע?
דערקלערט מיר: איך קאָן ניט פאַרשטיין...
פאַר וואָס איז די וועלט אַזוי מיאוס,
פאַר וואָס איז דער מענטש אַזוי קליין?

# אַ פ י י ע ר

ס׳קלינגען גלעקער, ס׳פליִען פונקען,
פון די רעדער בליצן שפּריצן;
און די רייטוואָגנס פון פייער
לויפן, ווי געיאָגטע בליצן.

ערגעץ ווייט, אין שטאָט דער ווילדער,
שפּרינגען בייזע פייער-פלאַמען;
און די לייבן-פערד זיך יאָגן
דורך די טיפע מענטשן-ימען.

העי! אַדורך, אַדורך די וועגן —
מאַכט אַ וואַרע פאַר די ריזן,
וואָס צום פייער לויפן, פליִען
מיט געוועער און פייער-שפּיזן.

העי! שטייט אויף פון שלאָף פון שטאַרקן,
מענטשן, געטלעכע טיטאַנען,
און באַפעלט דאָס וואַסער לויפן
פון די לוסטיקע פאָנטאַנען.

זאָל דער ים פון לוסט און גבורה
שטילן די געפילן,
און די פייער-צונגען הייסע
אָפּקילן און שטילן...

## כ׳בין ניט פון די

כ׳בין ניט פון די, וואָס דעקן צו דעם ליגן,
און וויקלען אים אַרום מיט פייגנבלעטלעך שיינע;
כ׳בין ניט פון די, וואָס שמייכלען צו דיר גנעדיק,
און מחשבות טראָגן זיי, זינדיקע, אומריינע.

כ׳בין ניט פון די, וואָס וויקלען זיך אין יראה,
און ס׳ווייט פון זיי מיט טומאה, רשעות און פאַרברעכן;
כ׳בין ניט פון די, וואָס קאָנען זיך פאַרשטעלן
פאַר דיינע „פריינד״ און זאַרגלאָז דיך דערשטעכן.

כ׳בין ניט פון די, וואָס קאָנען צו דיר ריידן
„זיסע״ רייד — און אַ האָר זיך ניט פאַרקרומען,
ווען פאַלשקייט טריפט פון זייער מויל אָן אויפהער,
ווען פאַלשקייט ליגט אויף זייער צונג און גומען.

כ׳בין ניט פון די, וואָס זינדיקן און פּרעפּלען
צו גאָט אַ תפילה: „ניט שטראָף מיך פאַר מיין ליגן״,
כ׳בין ניט פון די, וואָס „לויבן״ דיך און „ליבן״
און אונטער דיינע פּלייצעס זיינען גרייט זיי דיך באַטריגן.

## איינזאַם

איינזאַם איז דאָ איצט געוואָרן,
איינזאַם, טויט און שטיל;
אַלע זענען זיך צעפאָרן,
אוים געזאַנג און שפּיל.

ערשט ניט לאַנג האָט דאָ געטאָן זיך:
מענטשן אויף און אָפּ...
דאַכט זיך וואָס, נאָר איך דערמאָן זיך:
מ׳איז געשטאַנען קאָפּ אויף קאָפּ.

איצטער זענען טויט די גאַסן,
אַ בית-עולם — איז דאָס אָרט;
ערגעץ זעט מען נאָך אַ בלאַסן
מענטשן דאָ און דאָרט,

שלייכט זיך אום אָן לייב און לעבן,
איבער גאַסן שטיל...
טויט — דאָס פריִערדיקע לעבן,
טויט — די פרייד און שפּיל.

## כולו אמת

שיינקייט איז אויסגעמישט מיט מיאוסקייט,
גוטסקייט איז געמישט מיט שלעכטס,
הייליקייט — מיט טומאה,
געטלעכקייט — מיט זינד.

כולה שיינקייט איז ניטאָ,
כולה גוטסקייט איז ניטאָ,
כולו אמת איז ניטאָ,
כולה שלימות איז ניטאָ...

ווי די זון האָט פלעקן,
ווי דאָס גאָלד האָט פסולת,
ווי דער וואַלד האָט שאָטנס,
ווי די גאַס האָט גריבער...
איז דער מענטש אַזוי באַשאַפן:
מיט זיין גוטסקייט, מיט זיין שלעכטס,
מיט זיין ליבשאַפט, מיט זיין האַס,
מיט זיין שיינקייט, מיט זיין מום...

כולה שיינקייט איז ניטאָ;
כולה גוטסקייט איז ניטאָ;
כולו אמת איז ניטאָ;
כולה שלימות איז ניטאָ...

## זאָל פֿאַרצערן דיך דער טרויער

זאָל פֿאַרצערן דיך דער טרויער,
טיפֿער ווערן נאָך דיין וווּנד;
זאָל דיין לעבן מער ניט ווערט זיין,
ווי דאָס לעבן פֿון אַ הונט.

זאָל דיך פּייניקן דער אומעט,
בייטשן, ווי אַ פֿלאַמענדיקע רוט;
ווי אַ שלאַנג, אַ הונגעריקע
זייגן דיר דאָס בלוט.

וועסט אין דעם געלייטערט ווערן,
וועסט פֿאַרשטיין דעם זין פֿון זיין,
אין דיין בעכער — פּיין און טרויער
וועלן ווערן ריינער וויין...

# אַ טאָג איז אַריבער

אַ טאָג איז אַריבער,
אַ טאָג — אַזאַ שיינער,
אַ זוניקער, ליכטיקער טאָג...
איז וואָס איז דער אומגליק?
דער טאָג איז ניט איינער, —
נאָך אים וועט נאָך קומען
אַ שענערער טאָג...

פאַרליר ניט דעם גלויבן,
אָ, מענטש, אָ, בן־אָדם,
ניט וויין אויף דיין מזל, ניט קלאָג...
אַ טאָג איז אַריבער,
אַ טאָג — אַזאַ שיינער,
נאָך אים וועט נאָך קומען
אַ שענערער טאָג...

## די ליבע, שיינע פרוי

זי טוליעט זיך צו מיר,
די ליבע, שיינע פרוי;
זי איז שלעפעריק און מיד,
די ליבע, שיינע פרוי...

זי פּאָרט מיט מיר אין באַן,
די ליבע, שיינע פרוי;
נאָר כ׳ווייס ניט ווער זי איז,
די ליבע, שיינע פרוי?

און שיין איז זי, ווי שיין!
ניטאָ קיין ווערטער גאָר
צו מאָלן איר געזיכט,
באַזינגען אירע האָר...

און ליב איז זי, ווי ליב!
אַ פרעמדע אין דער פרעמד....
זי טוליעט זיך צו מיר,
צום לייב און צו מיין העמד...

# טיק־טאַק

פֿאַמעלעך רוקן זיך די ווייזערס,,
טיק־טאַק, טיק־טאַק...
ס'האָט די נאַכט זיך אויסגעשלאָפֿן,
טיק־טאַק, טיק־טאַק...

ס'פּליסטערט שטיל דער רעגן אויף די גאַסן,
טיק־טאַק, טיק־טאַק...
יונג דער טאָג שוין אויפֿגעשטאַנען,
טיק־טאַק, טיק־טאַק...

איך האָב די נאַכט געוועקט מיט לידער...
טיק־טאַק, טיק־טאַק...
פֿאַרן טאָג אַ ליד געשפּונען...
טיק־טאַק, טיק־טאַק...

גיי איך איצט אַרום אַ מידער, אויסגעשעפּטער,
טיק־טאַק, טיק־טאַק...
ס'איז די נאַכט מיט ליד אַוועקגעשוווּמען...
טיק־טאַק, טיק־טאַק...

## און אַז זיי וועלן אומברענגען די וועלט

און אַז זיי וועלן אומברענגען די וועלט,
און מאַכן אַ תּוֹהוּ ובוֹהוּ פון איר;
און אַז זיי וועלן אָנצינדן אַ פייער־זייל
און שפּרייטן טויט פון טיר צו טיר,
און אומברענגען יונג און אַלט, קינד און קייט,
און אויסוואָרצלען דאָס לעבן נאָך יונגערהייט...

און אַז זיי וועלן אויסלעשן דאָס ליכט פון טאָג,
און ברענגען חושך אויף דער וועלט,
און ס'וועט ניט בלייבן קיין צייכן פון קיין שטוב,
און קיין געצעלט,
און קיין געוויקס, און קיין געביין,
נאָר רויע ערד און ווילדער שטיין...

איז ווי צו דיר, אָ מענטש, אָ מענטש,
צו וואָס דו ביסט געקומען...
נאָר ס'איז שוין בעסער טויזנט מאָל פאַר דיר,
אָ מענטש, אין גאַנצן אומצוקומען,
ווי לעבן אין אַ וועלט פון זינד און משוגעת
און קאַכעדיקן, בלינדן ברודער־האַס...

## שוין וויפל פרעמדע מענטשן

כ׳האָב וויפל פרעמדע מענטשן שוין געפרעגט:
וווּהין מען גייט, וווּהין מען פאָרט?
און יעדער איינער האָט געפונען צייט געננוג
דעם וועג מיר ווייזן און מיר זאָגן אַ וואַרעם וואָרט...

דער מענטש איז גוט און שיין — אין גאָטס געשטאַלט
זיין האַרץ איז וואַרעם צו אַ חברס נויט;
ער וועט דיר אָפּגעבן זיין לעצטע העמד, זיין קלייד,
ער וועט דיר אָפּגעבן זיין ביסן ברויט...

## דאָס בעסטע און דאָס שענסטע

דאָס בעסטע און דאָס שענסטע
איז לעבן דיר.
דו דאַרפסט עס גאָרניט זוכן
אין ווייטע שטעט און דערפער;
עס ליגט און שיינט, ווי ריינער גאָלד
ביים שוועל פון דיין אייגענער טיר...

דאָס הערלעכסטע איז ניט ביי יענעם;
עס איז ביי דיר אַליין,
אין דיין אייגן הויז...

נאָר בלינד ביסטו און זעסט ניט,
אַז אין דיין אייגענעם גאָרטן
וואַקסט די אויסדערוויילטסטע און די שענסטע רויז...

## פ אַ ר   וו אָ ס ?

פאַר וואָס קומט איינעם די גאַנצע פרייד,
אוּן אַ צווייטן — לויטער לייד....
קאָן ווער עס איז דערקלערן מיר ?
כ׳שטיי פאַרגאַפט, מיין גאָט, פאַר דיר...

דער זעלבער מענטש, דאָס זעלבע פלייש און בלוט...
ס׳זעלבע האַרץ, דער זעלבער בליק...
פאַר וואָס איז איינעם שטענדיק אַזוי גוט,
און אַ צווייטן — ניט אַ טראָפּן גליק ?

## צוויי טעג

צוויי טעג אין קעסלגרוב ניו־יאָרק
בין איך:
בין איך אַ טויטער איך,
אַ מענטש פון שטיין,
אָן הענט, אָן פּיס,
און אָן געפיל,
און אָן פאַרלאַנג...

מיך שטופּט אַ קראַפט, אַ ווילדע קראַפט
פון ראָג צו ראָג,
פון גאַס צו גאַס,
און שטעלט מיך אָפּ,
און וואַרפט מיך אום,
און דרייט מיך אויס,
ווען נויטיק איז...

בין איך ניט איך...
יאָ, יאָ... איך בין אַ טויטער מענטש,
ווי שטיין געשטייפט...
פון אייזן אויסגעשמידט,
ווי ס׳איז די גאַנצע שטאָט — פון אייזן אויסגעגליט
מיט וועגן טיף אין דר׳ערד.

און אין דער הויך, —
איין אייזנוועג.
איין שטיינערוועג,
פון טויט, טויט, טויט,
פון שטיין, שטיין, שטיין...

און ס'איז געשען:
איין אויגנבליק,
איין רגע בלויז,
כ'האָב ווידער אויפגעלעבט.
אין חלום, צי אויף וואָר? —
דאָס וויים איך ניט...
נאָר כ'פיל, ווי ס'פילט אַ לעבעדיקער מענטש
ס'איז ערשט ניט לאַנג געוועזן:
צוויי טעג צוריק, אין דאָרף...
אַרומגעקרוינט מיט בערג, מיט לאַנגע הויכע בערג,
מיט טיפן וואַלד, מיט ברייטן פעלד.
און אומעטום איז זון געווען... אַ ים
פון ליכט און פאַרב...
די שטילע וואַסערלעך געמורמלט האָבן זיס,
אַזוי געפליסטערט שיין,
אַזוי געשעפּטשעט שטיל
פון טרוימען, טרוימען פיל...
דאָרט בין איך מענטש געווען,
דאָרט איז מיין איך, מיין איך געווען

און כ׳האָב גערעדט מיט גאָט,
ביי נאַכט, ביי טאָג, גאַנץ פרי,
ווען ס׳האָט די זון זיך אויפגעכאַפּט
און שמייכלענדיק געקוקט אויף מיר...
ווען ס׳האָט דער טאָג גערוקט זיך צו דער נאַכט
און אויסגעגאַנגען שטיל אין מערב-זייט.
דערנאָך אין מיטן נאַכט,
ווען אַלץ איז איינגעהילט געווען אין זיסן שלאָף.
דער וואַלד און איך,
די בערג און איך,
די ווייטע פייערלעך פון דאָרף,
און איך... איך...
גאָטס קינד און גאָטס געדאַנק און גאָטס געפיל...

## אָ מאָל איז דער באַרג

אַ מאָל איז דער באַרג אַזאַ גוטער —
אַ היטער, אַ שיצער.
ער ציט דיך אַרויף צו זיין טורעם
מיט פליגלען צעשפּרייטע, מיט גבורה,
מיט אימפּעט, מיט גלויבן,
און ברענגט דיך בשלום, מיט ליבשאַפט,
צום שפּיץ זיינעם אויבן...

אַ מאָל אין אַ נאַכט, אַ פאַרגליווערטער, קאַלטער,
דער הימל פאַרנעפּלט מיט פינצטערע כמאַרעס;
ס'דרינגט דיר דער אומעט אין ביין, אין די גלידער,
דו שפּירסט, ווי דער טויט איז דאָ דאָ אויף אַ שמחה
און דעקט צו די וועגן מיט טויט און מיט מורא...

איין טראָט נאָר אַ פאַלשער,
און דו גליטשסט זיך אַרונטער פון באַרג, פונעם גזלן,
וואָס וויל דיך פאַרניכטן...
דער באַרג איז דיין שונא, דיין בלוטיקער שונא...
און פאַלש איז ער דיר,
ווי אַ העסלעכע זונה...

## שיינקייט

ווי ווונדערלעך, ווי טיף דו בליקסט אויף מיר
און דרינגסט אַריין צו מיר אין מיין נשמה !
אַ נייער לעבן האָט זיך דערוועקט אין מיר,
אַ לעבן פול מיט פרייד, ,מיט ליבשאַפט און נחמה...

אַ נייע וועלט האָב איך דערזען אין דיין געזיכט ;
עס האָט, ווי זון, דיין אויג געשיינט אויף מיר...
עס האָט אַ גרויסע פרייד פון לעבן און פון זיין
אַרויסגעשיינט פון דיר...

## וואָס איז דער חילוק?

וואָס איז דער חילוק, ווי אַזוי דו שטאַרבסט —
מיט אַ רויִקן טויט, צי מיט אַן אומקום-טויט?
נאָר בעסער געוואָלט וואָלט איך שטאַרבן אין בעט
מיט מיין אייגענעם, ליכטיקן הערלעכן טויט.

נאָר בעסער געוואָלט וואָלט איך שטאַרבן אין בעט,
אויף הענט אויף געטרייע פון קינדער און ווייב;
און אָפּגעבן גאָט מיט אַ ליכטיק געמיט,
זיין מתנה צו מיר: דאָס צעפּיצלטע לייב...

## זאָג ניט: „ניין"

זאָג ניט: „ניין, כ'וויל ניט לעבן" —
בעל כרחו אתה חי,
און דיין טרויער און דיין ווייטיק
שטענדיק זענען ניי.

זאָג ניט: „ניין, געננוג געליטן,
„זאָל שוין זיין געננוג",
ניין, נאָך פינקלען טרערן הייסע
אין דיין לעבנסקרוג.

## פרילינגס־ווונטש

(אַ קינדערליד)

כ׳וואָלט וועלן אַ טייכעלע ווערן
אַט איצט מיט אַ מאָל —
און הערן דעם פרילינגס געלעכטער
אין וואַלד און אין טאָל.

אים זען, ווי ער קומט צו די בלומען
און קושט זיי און קושט,
און דריקט זיך און פרעסט זיך מיט ליבע
צו מוטער־ערדס ברוסט.

אים זען, ווי ער טיילט אויס באַלעבונג
צום גראָז און צום בוים,
און וועבט פאַר דער וועלט, פאַר דער יונגער
זיין גאָלדענעם טרוים.

כ׳וואָלט וועלן, ווי אַ טייכעלע פליסן,
און אויסהערן שטיל
די סודות, וואָס טראָגט אין זיין בוזים
דער ווינט צו דער מיל.

נאָך ליבער פון אַלץ וואָלט איך וועלן
אַ וואָלקנדל זיין,
און שפּילן זיך הויך אין די הימלען
מיט ליכט און מיט שיין...

## זאָל דיין טרויער

זאָל דיין טרויער וואַקסן גרעסער,
און דיין וווּנד זאָל טריפן מערער;
זאָל דיין ווייטיק ווערן שאַרפער,
זאָל דיין יאוש נאָגן טיפער..

זאָל דיין צאָרן ברויזן, קאָכן,
נאָר קיין לייזונג זאָל ניט קומען.
זאָלן אַלע הימלען פאַלן
פאַר דיין שוועל און דיך פאַרברענען.

זאָל דיין האַרץ אין סם זיך טרינקען,
זאָלסט קיין אויסוועג ניט געפינען
פון דיין פיין, וואָס עסט דיך, עסט דיך,
ווי אַ וואָרעם און צעשטערט דיך.

ווערסט דערפאַר אַ נייער ווערן,
ווערסט דערפאַר געלייטערט ווערן;
ס׳וועט דיין טרויער און דיין פיין
אויך דיין היילונג זיין...

# ס׳לעשט זיך אויס די ליבע

ס׳לעשט זיך, ס׳לעשט זיך אוים די ליבע,
שטילערהייט, שטילערהייט,
כאָטש מיר ווינען נאָך צוזאַמען
זאַלבעצווייט...

ס׳לעשט זיך, ס׳לעשט זיך אוים די ליבע,
אָן „אַ גוטע נאַכט״ ;
פון אַ שווערן, שווערן חלום
האָב איך נאָר וואָס אויפגעוואַכט.

כ׳זע מיין יוגנט, כ׳זע דעם אָפּנאַר,
כ׳זע דאָס אָפּגעברענטע גראָז.
אָ, דו גרויסער האַר פון וועלטן, —
אונדז אויף הפקר ניט פאַרלאָז !

ס׳לעשט זיך, ס׳לעשט זיך אוים די ליבע,
שטילערהייט, שטילערהייט.
ניט אַזוי האָסטו געליבט מיך
יונגערהייט...

ס׳לעשט זיך, ס׳לעשט זיך אוים די ליבע,
אַזוי קרענקלעך שטיל.
ס׳איז געענדיקט, ס׳איז געענדיקט
אונדזער ליבעשפּיל...

# געלט

די אומבאַהאָלפנקייט פון קינד
פייניקט מיך ביז בלוט.
„אָ, מאַמע, אָ מאַמע, גיב מיר פוטערברויט,
גיב מיר פוטערברויט!"
רעדט אַ קינד און בעט זיך אַזוי זיס,
דאָס צאַרטע פּנימל פאַרקרימט:
„גיב מיר פוטערברויט,
גיב מיר פוטערברויט!"

איז האָט די מאַמע געלט, איז האָט די מאַמע גאָלד,
ווערט פוטערברויט געשווינד סערווירט,
נאָך עפּעס צו דערצו ווערט צוגעגעבן אויך:
אַ נאַש, אַ לעקעכל, אַ נוס.
ס'קינדיש הערצעלע ווערט אָנגעפילט מיט פרייד,
אַ הערלעכקייט שיינט פון געזיכט,
פון דעם מלאכלס געזיכט.
אַזוי איז דאַן דעם קינדס געבעט דערפילט:
באַפרידיקט איז דאָס קינד און זאַט.

נאָר האָט די מאַמע ניט קיין געלט, קיין גאָלד,
האָט קיין פּוטער ניט, קיין ברויט, —
איז ווײי צו דיר, מײַן קינד,
מײַן אומבאַהאָלפן קינד.
בעטסט רוּיק, זיס, צו ערשט:
„כ'וויל פּוטערברויט,
כ'וויל פּוטערברויט"..
נאָר גאָרניט קומט, גאָרניט קומט
אויף דײַן געבעט.
דײַן פּנימל פאַרקרימט,
ס'הערצעלע פאַרקלעמט,
לויפסטו אום פאַרצאָרנט און פאַרצאָגט
און וויינסט,
און שילטסט,
דעם טאָג,
ווען ס'האָט דײַן מאַמע דיך געבראַכט
אויף דער מיאוסער וועלט,
פון געלט, געלט, געלט...

## ע ל נ ט

עלנט איז אַ יעדער,
תמיד און כסדר,
עלנט און אַליין.
ווי אין פעלד ס׳איז עלנט,
אין אַ נאַכט אַ קאַלטער,
אַ פאַרלאָזטער שטיין.

זיי זשע ניט קיין פּחדן,
קלייד זיך ניט אין טרויער,
לעב ניט מיט געוויין...
עלנט איז אַ יעדער,
תמיד און כסדר,
עלנט און אַליין...

## דאַרפֿן מיר:

דאַרפֿן מיר דערשטיקן אונדזער ווייטיק
און אים אויסטראָגן אין זיך,
אָדער דאַרפֿן מיר, — דערצאָרנטע און בראַווע,
אים אַרויסברענגען פֿון זיך?

דאַרפֿן מיר אַרויסרייסן דעם שטעקן
פֿון דעם פֿאַלשן פֿירערס האַנט,
און אים שטראָפֿן און באַשטראָפֿן,
און אים צונאָגלען צו שאַנד?

אַז די וועלט זאָל וויסן און זאָל שטוינען,
ווי דער פֿאַלשער פֿירער נאַרט אַלעמען און זיך?..
אָדער דאַרפֿן מיר באַהאַלטן אונדזער ווייטיק,
טיף באַגראָבן אים אין זיך?

## די שטאָט

די שטאָט פאַרדאַרבט דאָס שיינע אין דעם מענטשן,
די שטאָט דערנידעריקט דעם מענטשנס גייסט,
די שטאָט נעמט צו ביי אים דאָס שענסטע,
זיין מענטשן־קרוין אויף פּיצלעך זי צערייסט.

ער איז ניט מער ווי שטויב, ווי אָפּפאַל אויף די גאַסן,
אָן אייגן וואָרט, אָן אייגענעם געשטאַלט;
אַ נאָכמאַכונג אַ קרומע אויף גאָטס באַשאַפונג,
בצלם אלוהים, — אויף אומריינעם אַספאַלט.

אַלעקסאַנדער סטאָקליטסקי

## און ווידער קריג

(פריי איבערגעזעצט פון רוסיש)

און ווידער קריג! אַ ווילדער שרעקלעכער פאַרברעכן,
און ווידער פליסט דאָס הייסע מענטשן־בלוט;
דער מענטש איז ווילד און ווייסט ניט, וואָס ער טוט
אין דורשט נאָך טויט, פאַרווּיסטונג און פאַרברעכן.

און ווידער קריג! דער הימל פלאַמט מיט פייער־פלאַמען,
אויף בערג מיט טויטע הענט אַ גרויער וואָלקנטוך;
די וועלט איז פול מיט בלוט, מיט פליישגערוך
און ס'טאַנצט דער טויט אויף בלוטיק־רויטע ימען.

**נאָראַ יאַוואָרסקאַיאַ**

## דער שוסטער

(פריי איבערגעזעצט פון רוסיש)

מיין געליבטן צו באַגעגענען אַרוים בין איך צו דער צייט,
אין וועג אַ קנאַפּל זיך אויסגעדרייט;
געמוזט צום שוסטער לויפן גיך:
צי וואָלט ער מיר דעם קנאַפּל נישט צוגענייט?

מיט אַ געלעכטערל געענטפערט האָט ער: „טשטאָ?
אַ ביסל ניין און אַ ביסל יאָ".

אַ שורה שיך אויפן שוסטערס טיש,
און אין אַ זייט — קאַפּולן פּיל;
„דו ביסט, ווייזט אויס, אין קריג געווען,
זאָלסט נאָר ניט רעכענען מיר צו פיל".

און ער, ער שמייכלט, זאָגט זיך: „טשטאָ?
אַ ביסל ניין און אַ ביסל יאָ".

דעם שוך מיטן האַמער ער קלאַפּט און קלאַפּט,
אַליין אָן אויפהער, ער זינגט, פאַרגאַפט;
„דו, שיינער", כ'זאָג „דו זינגסט און זינגסט
כ'האָב מורא, „וואָדקע" נאָך מער דו טרינקסט".

און ער, מיט אַ שמייכעלע, ער זאָגט זיך: „טשטאָ?
אַ ביסל ניין און אַ ביסל יאָ".

„דיין ווייב, כ'בין זיכער, איז גוט צו דיר,
כ'האָב מורא: יאָגסט, ווי דער ווינט צו איר.
נו, זאָג שוין, זאָג, האָסטו אַ ווייב?
מיט אַזאַ ווי דו, איז אין שטוב ניט בלייב".

און ער, אין ענטפער, ער ווינקט מיר: „טשטאָ?
אַ ביסל ניין און אַ ביסל יאָ".

מיט אַ שטורעם באַגעגנט. מיין געליבטער האָט מיך:
„וווּ ביסטו געוועזן אַזוי שפּעט, אַזוי שפּעט?"
דערנאָך מיט אַ ציטער, געפרעגט האָט ער מיך:
„צי האָסטו מיך ליב נאָך, אָ זאָג מיר, איך בעט".

און איך מיט אַ שמייכעלע, געענטפערט האָב: „טשטאָ?
אַ ביסל ניין און אַ ביסל יאָ".

נאָראַ יאַוואָרסקאַיאַ

## דינער אייז

(פריי איבערגעזעצט פון רוסיש)

דינער אייז, דינער אייז,
פענצטער בלויער;
אונטערן אייז איז ניטאָ
ניט קיין טיר, ניט קיין טויער.

אונטערן אייז איז בלויז דאַ,
אַ פינצטערניש אַ שוואַרצע;
כ׳וואָלט אַליין דאַ ניט געגאַנגען,
ווײַס איך גוט אין האַרצן.

אָבער דו, מיט פּלייצעס ברייטע
גייסט פאָרויס און שרײַסט אַריבער:
„אויב זיך טרינקען, איז אין צווייען
פריילעכער און ליבער״.

אין מײַן האַנט אַ שטעקן האַלט איך,
קלינגט פון פראָסט ער, כ׳ציטער, ציטער.
אָט שוין באַלד דאָס אייז צעשפּאַלט זיך
כ׳הער: ס׳קומט אָן דאָס גרויס געוויטער.

גיי איך, גיי, ווי אין אַ חלום,
שמייכל אונטער, טיף פאַרשלאָסן;
העי, געליבטער, אויסדערוויילטער,
העי, מײַן בראַווער, בראַווער חתן!

**נאָראַ יאַוואָרסקאַיאַ**

## צום פּאָעט

(פון רוסיש)

דיינע לידער ליגן דאָ איצט פֿאַר מיר,
דו האָסט זיי געווידמעט אַן אַנדערער, ניט מיר.

איז לאַנג שוין, ווי דאָס איז געשען?
כ׳ווייס ניט. איז זי מיט דיר נאָך, צי ניין?

נאָר מיין האַרץ ווערט צעוואָרעמט פון דיין לעבעדיקן ליד,
צו להכעיס דעם שׂכל, וואָס האַלט מיך געשמידט.

און מיר דוכט זיך: ערשט נעכטן איז דאָס דאַכט זיך געווען:
די לידער זיי זענען אַראָפּ פון דיין פּען.

און היינטיקן פרילינג זיי געשיקט האָסטו מיר,
זיי געשריבן פֿאַר מיר, און בלויז פֿאַר מיר, בלויז פֿאַר מיר.

עדגאַר א. געסט

## ס׳לעבן איז אַ חתונה

(פון ענגליש)

אויב דיר איז ביטער אויפן האַרצן,
און האָסט געהאַט אַ שלעכטן טאָג,
ניט גיי אַרום פאַרקרימט, אין שוואַרצן
מיט קרעכצעניש און קלאָג.
ס׳וועט שוין דיר ניט בעסער ווערן
ווען דו וועסט זיך אָפּגיסן מיט טרערן,
און אויפדעקן פאַר אַלעמען דיין צער.

טראָג דיין ווייטיק שטיל אַריבער,
און דערוואַרט ניט די וועלט זאָל האָבן פיבער,
בלויז דערפאַר, וואָס דיר איז אַזוי שווער.
מיט דיין אומעט, מיט דיין טרער,
פאַרשטער ניט קיינע שמחות
פון דיינע גוטע שכנים, וואָס ווילן לאַכן,
טאַנצן, זינגען און זיך פריילעך מאַכן.

האַלט פאַר דיר אַליין דיין טרויער,
ס׳איז דאָס לעבן ביטער, זויער,
אויך אָן דיר, אָן דיינע ווונדן,
ס׳לעבן איז אַ חתונה,
און אויב דו קאָנסט ניט טאַנצן,
גיי אַרויס פון טאַנץ אין גאַנצן.

**דזשויס קילמער**

# ביימער

(פון ענגליש)

כ׳בין זיכער, כ׳וועל קיין מאָל ניט זען קיין ליד,
וואָס איז אַזוי שיין, ווי אַ בוים, ווען ער בליט.

אַ בוים, וואָס זיין הונגעריק מויל זויגט מיט לוסט,
דער מאַמע־ערדס פולע און זאַפטיקע ברוסט.

אַ בוים, אַ פֿאַרגאַפטער, צו גאָט ביזקל שפּעט,
וואָס שטרעקט זיינע אָרעמס אַרויף מיט געבעט.

אַ בוים, וואָס טראָגט אויף זיך אַ נעסט
אין זומער — פּאָר פייגלשע געסט.

וואָס אויף זיין ברוסט ווייסט זיך דער שניי
און לעבט מיטן רעגן, ווי אַנדערע צוויי.

מאַכן אַ ליד קאָן אויך איך דער נאַר,
אָבער מאַכן אַ בוים קאָן בלויז גאָט, דער האַר.

עמילי דיקינסאָן

## ניט אומזיסט

(פון ענגליש)

אויב איך קאָן בלויז איין האַרץ
פאַרהיטן פון צעבראָכן ווערן,
האָב איך ניט אומזיסט געלעבט.
אויב איך קאָן לינדערן איין מענטשנס ווייי
און אָפּקילן זיין פּיין;
אויב איך קאָן אַ שטאַרבנדיקן שפּאַרבער
צוריקברענגען אין זיין נעסט אַריין —
האָב איך ניט אומזיסט געלעבט.

**עדנאַ ב. קאַרלסאָן**

## וואָס איז דער זיסטער קלאַנג?

(פון ענגליש)

וואָס איז דער זיסטער קלאַנג, וואָס דו ווייסט, —
איז עס דער פידל, די האַרף, דער טראָמבאָן?
אַנדערע זאָגן: ס׳איז דער ווינט אין דער הייך,
אַנדערע דענקען: ס׳איז אַ לולאַביי־טאָן.

. . . . . . . . . . . . . .

גיט מיר דעם קלאַנג פון די רעדער אין הויף,
נאָך אַ לאַנגער נסיעה באַרג־אַראָפּ, באַרג־אַראָפּ.

דוד אָפּאַלאָוו

## פֿאַרצעלייענע קו

(פֿון ענגליש)

די פֿאַרצעלייענע קו
אויף מיין פענצטער־געזימס, —
זי וווּנדערט זיך:
ווי קומט זי דאָ אַהער,
צו מיר אין הויז אַריין?
איר ציט גאָר צו ברייטע לאָנקעס,
צו פרייע פעלדער,
און צו אַ ביסל פרישן, גרינעם
שמעקנדיקן גראָז.
אָרעמע פֿאַרצעלייענע קו —
מ׳זאָל עס הערן פון איר כאָטש איין אײנציקן מו...

# קינדערשע טעג

(איבערגעזעצט פון מיין אייגן ליד אין רוסיש)

ציט זיך אומזיניקע, ציט זיך איר זאַרגלאָזע
קינדערשע טעג
אייביק פאַרלוירענע, ציט זיך נישט אייביקע
פריידיקע טעג.

זאָלן כאָטש פייערלעך ווייטע, נישט־דאַיקע,
לויכטן מיט פרייד;
ציט זיך איר ליכטיקע, ברייטע, באַלויכטענע
וועגן פון פרייד.

## צו באַלמאָנטן

(איבערגעזעצט פון מיין אייגן ליד אין רוסיש)

ווער ס׳איז אויף דער וועלט געקומען אַ זון צו זיין,
מיט שטראַלן וואַרפן, אַ טרוים צו וועבן;
ווער ס׳איז אייביק יונג, איז ניט מיד צו ליבן, —
דעם האָב איך ליב, ווי מיין אייגן לעבן.

ווער ס׳שלאָגט פון באַרג — אַ קוואַל אַ פרישער,
אויפן גרונט פון ים אַ פעלז קאָן שפּאַלטן;
ווער ס׳האָט מיין אויג געפירט אין הימל, —
דעם וועל איך אייביק הייליק האַלטן.

## די בייזע וועלט

(איבערגעזעצט פון מיין אייגן ליד אין רוסיש)

ווען האַסנדיק די בייזע וועלט,
איך בין אַוועק פון איר צו לערנען זי,
און כ׳האָב דאָס פייער פון מיין שנאה,
צונויפגעשמאָלצן מיט דער ליבע פון מיין הארצן,
און דאָס געבראַכט איר אַ מתנה,
פון מיין צעווייטיקטער נשמה,
האָט זי מיך פיינט געקראָגן.
איצט ווין איך אַן עלנטער, אַליין
אין מדבר, אין דער שטיל.

# דורכגעפלויגן

(פון מיין אייגן ליד אין רוסיש)

דורכגעפלויגן אַ סטייע פייגלעך,
זיינען דאָ צו גאַסט געווען;
אויף די צווייגן פון אַ בוים דאָ, —
אָנגעגעסן זיך גאַנץ שיין.

שטייט דער בוים, באַצירט מיט שטראַלן,
נאַקעט, אויסגעהוילט,
ווי אַ גוטע אַלטע באָבע,
וואָס האָט אייניקלעך אַלץ צעטיילט.

# אינהאַלט

## דער אָנזאָג פון פרילינג



## ט ר י י ס ט ו נ ג



## כולו אמת איז נישטאָ

## און אַז זיי וועלן אומברענגען די וועלט



## זאָג ניט ניין



## פון פרעמדע שפּראַכן

